# די געשיכטע פון אלקעניק
## (קורצע שטריכן)

אָלקעניק איז איינע פון די אלטע שטעטלעך אין ליטע. אין 16־טן יאָר הונדערט זיינען אויפגעבויט געוואָרן אין שטעטל קעניגליכע פאלאצן, וואו די פוילישע קעניגן — זיגמונד דער אלטער און זיגמונד אוגוסט — פלעגן אָפט באזוכן. די פאלאצן זיינען געשטאנען אויף א בערגל, ביים ברעג פון אויסגוס פון טייך מערעטשאנקע, נעבן דעם פאָרסטער (וועלדער פארוואלטונג). נאָך מיט עטליכע צענדליק יאָר צוריק פלעגן די קריסטן און יידן אויסגראָבן פון דער ערד שטיינער פון די אלטע פונדאמענטן.

נאַכדעם איז אָלקעניק געוואָרן א קעניגליכער מאַיאָנטעק (גוט) וועלכער האָט זיך פארשפרייט אויף צענדליקע קוואדראט קילאמעטערס. צום מאיאָנטעק האָבן געהערט די שטעטל אָלקעניק, צענדליקע ארומיקע דערפער, חוטאָרן, זאסציאנקעס. אין דעם מאַיאָנטעק האבן געארבעט פארשקלאפטע פויערים.

מיט אַ־400 יאָר צוריק האָבן זיך באזעצט אין שטעטל יידן.

אין יאָר 1697 (מיט 263 יאָר צוריק) איז פאָרגעקומען אין אָלקעניק א זיצונג (סעסיע) פון יידיש־ליטווישן פארלאמענט — „ועד המדינה" — אויף וועלכן ס'זיינען צוזאמענגעפארן דעלעגאטן פון גאנץ פוילן. די סעסיע האט געדויערט ביי צוויי מאָנאטן.

אין 1700 איז פאָרגעקומען אין שטעטל און געגענט דער באוואוסטער „אָלקעניקער שלאכט" צווישן פויליש־ליטווישע פירשטן.

אין 1800 איז געבויט געווארן אין שטעטל די שיינגעשניצטע הילצערנע שול אויפן ארט פון דער גאָר אלטער אפגעברענטער שול.

אין 50—1848 זיינען געגרינדעט געווארן דורך דער רוסישער רעגירונג ניט ווייט פון שטעטל 3 יידישע קאלאניעס פאר ערד באזיצער (סעלא, לייפון, פאַנאַשישאָק). אין די יארן 60—1850 איז אויסגעבויט געווארן, 8 קילאמעטער פון שטעטל, די אייזענבאַנליניע פעטערבורג — ווילנע — ווארשע.

צו ענדע פון 19־טן יארהונדערט האט זיך אין שטעטל אָנגעפאנגען די עמיגראציע נאָך אמעריקע.

אין 1920 זיינען אוועק די ערשטע חלוצים קיין ארץ־ישראל.

(וועגן די לעצטע יארן פארן אומקום פון שטעטל — זע ווייטער).

די איינוואוינער פון שטעטל — ביי 1000 נפשות — זיינען אומגעקומען אין איישישאָק.

ש. פ—ר

# אלקעניק, אַ שטעטל מיט לעגענדעס

די שטעטל „וואלקעניק", אדער ווי מ'רופט איר איצט „אלקעניק" *) איז זייער אן אלטע שטעטל. אויף איר גרויסן בית־עולם, וואָס געפינט זיך אונטערן שטעטל, זיינען פאראן מצבות נאָך פון ש"ן 1590.

אלקעניק איז ווייט פון ווילנא 59 קילאמעטער און געהערט צום ווילנער־טראקער קרייז, ווילנער וואָיעוואָדסטע.

אמאָל האט זי אויך געהערט צום ווילנער גליל, און דער לעצטער רב פון ווילנא ר' שמואל איז דאָרטן געווען גליל־רב.

אין שטאט געפינט זיך נאך עד היום אן אלטער פנקס, אין וועלכן איי־ניקע תקנות זיינען נאָך פארשריבן אייגנהענטיק פון ר' שמואל מיט זיין אונטערשריפט פון יאר תקמ"א (1781). צווישן די פיל תקנות איז פאראן, למשל, א תקנה, אז ווען איינער מאכט זיך א נייעם בגד, איז ער מחויב אַ פראָצענט

*) אויף ליטוויש הייסט זי „וואלקעניקאס", אויף פויליש „אלקעניקי", דאסזעלבע אויף רוסיש. ס'גייט ארום א לעגענדע ביי די זקנים, אז דעריבער הייסט זי „אלקעניק", ווייל אמאָל האט דא געוואוינט א קעניג און די שטאט איז געווען א פעסטונג־שטאָט. די ארומיקע דערפער זיינען עס גאסן, פאָרשטעטלעך, וואו עס האָבן געוואוינט פארשידענע בעלי־מלאכות, ווי שניידער, שוסטער, שמידן און עד היום הייסן אזוי אנדערע דערבייאיקע דערפער ווי „טשאַרני קאָוואַל" („דער שווארצער שמיד")
א. א. וו.

פון די קאַסטן פון נייעם בגד געבן אויף דער חברה „גמילות חסד", אויף צו דינגען מלמדים פאַר ארימע קינדער צו לערנען מיט זיי. עס איז געווען א חרם אויפן שניידער, אז ער טאר ניט ארויסגעבן דעם בגד, ביז וואנען דער בעל־הבית צאָלט ניט איין דעם פּראָצענט אויף דער חברה.

אין פנקס געפינט זיך אויך א דאָקומענט וועגן דער איבערבויאונג פון דער אלטער שול, פון יאָר תקס"א (1801).

אין שטעטל גייט אויך ארום א לעגענדע צווישן די זקנים, אז איינמאָל איז דער רב ר' שמואל געגאנגען שפאצירן אין אלקעניק מיטן ווילנער גאון ר' אליהו. קומענדיק אויפן בריק פון דער מערעטשאנקע, האט זיך אפגערופן דער גאון צו ר' שמואל און געזאָגט, אז אלע פיש כמעט האָט ער שוין געזען, נאָר איין פיש (דעם לאקס) וואָלט ער נאָך וועלן זען. ווי דער גאון האט עס נאר אויסגערעדט, איז דער פיש גלייך ארויפגעשוואומען אויף דעם אויבערפלאך פון וואסער, און דער גאון האָט אים גוט באטראכט.

גרויסע מחלוקתן האבן אויסגעבראכן אין אלקעניק אין די צייטן פון רב ר' אבא יוסף.

הרב ר' אבא יוסף ב"ר עוזר הכהן טריוואש ז"ל איז א חוץ א גרויסער למדן אויך געווען א מקובל און א ספרא רבא און זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע מדות טובות. ער איז געווען א גרויסער יחסן. זיין שלשלת היוחסין איז דערגאנגען ביז רש"י. ער איז געווען א ברודער פון מפורסמדיקן ווילקיער רב ר' הלל דוד הכהן טריווש, רעדאקטאר פון רבנישן מאסף „הפסגה".

מ'האט אים אפגעזאגט פון רבנות צוליב פאלגענדער געשיכטע: די חברה קדישא האט, ווי איר מנהג איז, ט"ו כסלו געמאכט א גרויסע סעודה. לויט דער טראדיציע האט מען דערלאנגט צו דער סעודה א טייגעכץ געבאקט אויף שמאלץ. די שמאלץ איז געווען געבראכט פון ווילנע. ביי דער סעודה האט זיך דערוועקט א ספק, צו די שמאלץ איז געוויס געזאלצן געווארן. אז מען האט ביים רב געפרעגט די שאלה, האט ער מתיר געמאכט.

דעם רבס שונאים האבן דאס אויסגענוצט און אנגעהויבן א גרויסע מחלוקת קעגן אים, זאָגנדיק, אז ער האט מאכיל טרפות געווען. די מחלוקת איז געווען אזוי גרויס, אז איינער א בעל הבית איז געלאָפן צום רב און אים געוואלט פאטשן. נאר לויפנדיק איז ער געפאלן און האט צובראָכן א פוס, און איז געבליבן א קאליקע אויפן גאנצן לעבן.

דאך האט זיך דאס שטעטל ניט בארואיקט. דער צד שכנגד האט אנגענומען נאך א רב, בכדי אים יורד לחייו צו זיין, צונעמען ביי אים די חיונה. לכתחילה האט אפילו קיין רב ניט געוואלט גיין, נאר דערנאך האט זיך געפונען איינער א פרוש, אבער ער איז אויך דארט קיין לאנגע צייט ניט געווען.

דער צד שכנגד האט אויך געשיקט א שליח מיוחד וועגן דעם צו ר' יצחק אלחנן, קאָוונער רב. ר' יצחק אלחנן האט געפסקנט די שאלה וועגן די שמאלץ אזוי ווי דער רב. דאך האבן די שונאים אים אנגעטאן זייער פיל נגישות. מען דערציילט: איינמאל האט ער געהאט „יארצייט" און געמאכט א מנין, איז אריינגעלאפן איינער פון זיינע שונאים און אנגעהויבן שרייען: „מיט דעם מאכיל־טרפותניק וועט איר דאווענען צוזאמען?" זיינען אלע אוועק און ער איז געבליבן איינער אליין. עס איז אבער אוועק א קורצע צייט, און ביי דעם דאָזיקן שונא זיינען אויסגעשטארבן אלע קינדער, און ער איז געבליבן איינער אליין. אין שטעטל האט עס געמאכט זייער א גרויסן רושם, און אלע האבן דערזען, אז זיי זיינען אומגערעכט.

דער רב אליין האט אויך ניט גערוט, געשיקט שאַלות ותשובות צו די גרעסטע רבנים, ביז וואנען ער האט באקומען א תשובה פון 19 גרעסטע רבנים און גאונים, אז די שמאלץ איז „כשר". דער רב האט די תשובות אנגעקלעפט אויף א טאוול און אויסגעהאנגען אין שול. דאן זיינען שוין אלע צוגעלאפן צום רב בעטן, אז ער זאל זיי מוחל זיין. דער רב האט געענטפערט, אז ער איז זיי מוחל און האט געזאגט, אז ער האט נאר געוואלט אראפנעמען דעם חשד פון זיך, אז ער האט חלילה מאכיל טרפות געווען. איצט, ווייבאלד דער חשד איז שוין אראפ, וויל ער שוין ביי זיי מער קיין רב ניט זיין, און איז אוועק פון שטעטל און זיך באזעצט אין ווילנע און דארט זיין לעצטן ביסל יארן פארבראכט אין רימאַרסקע קלויז על התורה ועל העבודה. ער איז נפטר געווארן דורך פאָלגענדער סיבה: שבת, זיצנדיק ביים לערנען, האט ער זיך א שאקל געטאן, איז אראפגעפאלן אויף אים א ברענענדיקער לאָמפּ. איז ער דערפון קראנק געווארן און געשטארבן. פון אים זיינען פארבליבן געדרוקטע ספרים.

נאך דער מחלוקת, בערך אין יאָר תרל"ד (1874), איז אנגעקומען אלס רב אין אלקעניק ר' יעקב ב"ר שמריהו לעווין, וועלכער איז געזעסן אויפן כסא־הרבנות אין אלקעניק איבער 50 יאר. ער איז געווען ביי אלעמען זייער באליבט און איז נפטר געווארן אין ירושלים אין יאר תרפ"ז, אין עלטער פון 82 יאר. נאך אים זיינען פארבליבן פיל כתבי־יד אין הלכה און אגדה.

## אָלקעניקער פרנסות

אין שטעטל האבן זיך געפונען (אין 1930) בערך 200 משפחות יידן. דאס זעלבע צאל ניט יידן. די באציאונגען צווישן די יידן און ניט יידן זיינען ניט קיין

שלעכטע. כמעט אלע יידן האבן אייגענע הייזער אויף אייגענער ערד. די זעלבע צאָל הייזער האָבן אויך ניט־יידן. אלע הייזער זיינען הילצערנע, אויסער דריי מויערן.

ניט קוקנדיג אויף דעם, וואס אלקעניק פארמאָגט 3 טייכן און אַ וואלד, איז די פאבריקאציע זייער אַ קליינע, אויסער איין טאָקטור־פאבריק. וואו עס אר־בעטן 130 ניט־יידן און 31 יידן, דערין 25 שווארץ ארבעטער און 6 אין דער אדמיניסטראציע.

ס'זיינען פאראַן אויך 2 יידישע טערפענטיניצעס מיט אַ 10 ארבעטער ניט־יידן, 2 יידישע זאוואָדן פון סעל־צער־וואסער און ביי אַ 15 בעקערייען. אויך 2 וואסער מילן: איין יידישער, און די צווייטע ניט קיין יידישע. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אויך געווען אַ גרויסער טארטאק מיט אַ מיל, נאר פארן אפטרעטן האבן די רוסן אים אויפגעריסן מיט דינאַמיט, און אים חרב געמאכט.

ביזן יאר 1928 האבן אויך ביי אַ 30 פאמיליעס געלעבט פון וואלד־מסחר. נאר איצט צוליב פוילישן עטאַטיזם זיינען די יידן געבליבן אָן פרנסה.

דאס רוב מסחר פון שטעטל באשטייט איצט פון בשמים־קרעמלעך, בערך ביי 30, אין וועלכע עס גע־פינט זיך סחורה מכל המינים ווי: עסנווארג, אייזנ־ווארג, געשיר א. אז. וו.

חוץ די בשמים־קרעמלעך זיינען פאראַן 15 מאַ־נופאקטור געשעפטן, אין אייניקע פון זיי געפינט זיך אויך שוכווארג, ווי אויך אַן אפטייק און אַן אפטייק־סקלאַד, ביידע יידישע.

פאַר דער מלחמה איז דער פדיון אין שטעטל גע־ווען נישקשהדיק, ווייל אלקעניק האט געהאט אַ גרוי־סע סביבה, נאר איצט, מיט דער אנטשטייאונג פון דער אומאָפהייגיקער ליטווישער מדינה (וועלכע גע־פינט זיך בערך 11 וויארסט פון אלקעניק), איז די סביבה אסאך פארקלענערט געווארן. דער הויפט פדיון איז פון מארק, וועלכער קומט פאַר יעדן דינסטאָג. עס פאָרן זיך צונויף פויערים, וועלכע ברענגען, אויסער שפייז פראָדוקטן, אויך תבואה, בהמות, פערד א. ד. גל. מען לייזט אויך אין די זונטאָגס, ווען עס פאָרן זיך צונויף פיל פויערים אין גרויסן קלויסטער, וואס גע־פינט זיך אין מיטן שטאָט נעבן מארק.

זומער איז אויך פאראַן פדיון פון די דאטשניקעס. עס קומען זיך צונויף דאס רוב שלאפע ישיבה־בחורים פון די ישיבות „מיר" און „ראדון", צוזאמען מיט זיי־ערע ראשי־ישיבות, צו ערהאָלן זיך אין גרויסן און טרוקענעם סאסנאווען וואלד.

בעלי־מלאכות געפינען זיך אין אלקעניק פאלגענ־דע: 20 שוסטער יידישע, 10 ניט יידישע, 5 שניידער, 5 סטאָליארעס יידן, 3 ניט־יידן, 6 טשעסלארעס, 3 רעדער־מאכער, 1 בלעכער, 2 קירזשנער, 1 איינבינדער, 1 שטיינקריצער, 1 זאָקנשטריקער, 3 גלעזער, 18 שמידן, 5 שטעפער, 25 שניידערקעס און נייטערקעס, 2 פריזירער, 6 קאָראַבעלניקעס, 1 טעפער, 4 פור־מאנעס, וואס פאָרן צו דער באַן־סטאנציע מיט פאַסאַ־זשירן (די סטאנציע איז ווייט פון שטעטל 8 וויאָרסט) און 5 פורמאנעס, וועלכע פארן קיין ווילנע, ברענגען סחורה פאַר די קרעמער.

ווייטער זיינען פאראַן אין אלקעניק 2 שוחטים, איינער פון זיי איז אויך אַ שטאָט־חזן, 3 לערער, 2 זאָרנעס־מילכלאַך, 4 מילכקרעמער, 5 תבואה סוחרים.

דאס רוב בעלי מלאכות האלטן לערנאינגלעך.

אין שטעטל געפינען זיך אויך 2 סאדאווניקעס (גערטנערער), 10 שאפערערס, וועלכע זיינען באשעפ־טיקט אין דערבייאיקע וועלדער, 4 פאָדריאַטשיקעס (קב־לנים), וועלכע שטעלן צו פראָדוקטן פארן פולק פון דער פוילישער גרעניץ־וואך ביי דער ליטווישער גרע־ניץ. איינער האָלט אַן אויטא, וואס קורסירט איין מאָל אין טאג קיין ווילנע און צוריק.

עס געפינען זיך אויך 5 כלי זמרים, באקאנטע אין גאנצן געגענט. איינער פון זיי איז אויך אַ בדחן. די כלי־זמרים ווערן באנוצט אויף יידישע חתונות אין דער גאנצער סביבה, ווי אויך אויף קריסטליכע חתו־נות.

די יידישע חופות, קומען פאַר אין שטעטל אלעמאָל נעבן דער אלטער שול.

## אָרטיקע פאַרוואַלטונג

אין שטעטל געפינט זיך אַ גמינע. די ראטמענער זיינען 14 קריסטן און 2 יידן, ווי אויך אַ יידישע קהילה, וועלכע באשטייט פון 8 פרנסים מיטן רב אלס 9־טן. צו דער קהילה געהערן אויך די קאָלאָניעס דעקשניע, לייפון און די סטאַנציע אראָן. די וואלן זיינען פארגעקומען דעם 1־טן נאוועמבער 1928 *).

צו דער קהילה געהערט אויסער די פלייש־קאָראב־קע, וועלכע טראָגט אריין הכנסה בערך 70 זלאָטעס וועכענטליך אויך די הייוון, וועלכע טראָגט אריין דאס זעלבע. דעם הייוון פארקויף האט מען איבער־געגעבן דעם רב, ווייל כל זמן די קהילה מאָנט נאָך ניט אין קיין שטייערן, האָט מען עס געמוזט איבער־געבן דעם רב אויף שכירות. דער רב בעקומט אויסער די הייוון אויך 3 דאָלאר וועכנטלעך במזומן.

די אינסטיטוציעס, וועלכע געפינען זיך אונטער דער אויפזיכט פון דער קהילה, זיינען פאָלגענדע: דער בית המדרש, די שול, „הכנסת אורחים", „ביקור חו־

---

*) דער ערשטער ועד הקהל איז אויסגעקליבען געווארן דעם 28־טן יאנואר 1921, קעגן וועלכן די אלטע גבאים האָבן געפירט אַ קאמף, נאר זיי האבן ניט אויסגעפירט.

לים״, „לינת הצדק״, „חברה קדישא״, פייערלעשער, חדרים, די ישיבה קטנה א. א.

די פלענארע זיצונג פון דער קהילה קומט פאַר איינמאָל אין חודש.

די מעטריקאַציע־ביכער פירט דער רב.

סטאטיסטיק פון די געבורטן און פטירות לויט די ביכער:

געבורטן אין יאר 1926 — מענער 12, פרויען 7, אין 1927 — מענער 12, פרויען 14; אין 1928 — מענער 14, פרויען 5.

פטירות: אין יאָר 1926 — מענער 4, פרויען 4, אין 1927 — מענער 3, פרויען 7; אין 1928 — מענער 4, פרויען 7.

בכלל איז אלקעניק א געזונטע שטעטל. די נפטרים זיינען אַלע כמעט אין טיפן עלטער, דאס רוב איבער די 60־ציקער און 70־ציקער.

חתונות: אין יאר 1926 — 7, אין 1927 — 4, אין 1928 — 6.

## קרעדיט אנשטאלטן

אין שטעטל געפינט זיך א קאאפעראטיווע באנק, געגרינדעט אין יאר 1906. אין מלחמה צייט איז זי בטל געווארן און באַנייט געווארן אין יאר 1921.

מיטגלידער אין באנק זיינען פאראן 234, דאס רוב לווים זיינען קרעמער און האנטווערקער. אין שטעטל געפינט זיך אויך א „גמילות־חסד״, געגרינדעט אין יאר 1926 און סובסידירט דורך „יעקאפא״. מיטגלי־דער פארמאגט דער „גמילות־חסד״ 277, צווישען זיי 86 האנטווערקער, 87 קליינהענדלער, 2 ערד־ארבע־טער, 18 אומבאשטימטע באשעפטיקונג, 33 פרויען. הלוואות מאקסימום 100 זלאָטעס. מינימום 60 זל׳. דער גמ״ח געפינט זיך אין דער דירה פון באנק. מיט׳ן גמ״ח באנוצט זיך די גאנצע שטעטל.

## די ביבליאָטעק

אין שטעטל געפינט זיך אויך א ביבליאָטעק וועלכע איז געגרינדעט געווארן נאָך אין יאר 1908. אין מל־חמה צייט איז זי בטל געווארן. די ספרים האבן זיך געוואלגערט ביי יחידים. ערשט אין יאר 1918 האט מען איר איבעראנייס געעפנט. דערנאָך איז זי ווייטער פארמאכט געווארן. אין יאר 1927 איז זי לעגאליזירט געוואָרן דורך „ווילביג״. די ביבלאָטעק פארמאָגט ביכער: העברעאישע 530, דערין אויך פיל קינדער־ליטעראטור, יידישע ביכער 560 און רוסישע 150. לעזער — 60, דאס רוב יוגנט און שילער. לייען־געלט — 70 גראָשן פאר דערוואקסענע און 50 גראָשן פאר שילער. ערבות־געלט — 4 זל. די ביבליאָטעק איז אפן 2 מאָל אין וואָך: מאָנטאָג און דאָנערשטאָג פון 6 ביז 8. הכנסה האָט די ביבליאָטעק פון פאַרשטעלונגען, רעפעראטן, לייען־געלט א. א. ביי דער ביבליאָטעק גע־פינט זיך אויך א לייען־זאל און א דראמאטישער קרייז, וועלכער באשטייט פון 15 פערזאָן.

אין שטעטל איז אויך דאָ אן אפטיילונג פון וויל־נער „ווילביג״, געגרינדעט אין יאר 1927.

## ישיבות, חדרים, שולן

אין שטעטל געפינט זיך א רעליגיעזער חדר, לע־גאליזירט פון מרכז „חורב״ וואו עס לערנען זיך בערך 60 קינדער, איינגעטיילט אין א מכינה און 4 גרופעס מיט 3 לערער. די לימודים קומען פאָר אין דער עזרת־נשים פון בית־המדרש און פון דער אלטער שול.

אין דער פוילישער „פאווזעכנע״ שול לערנען זיך בערך 20 מיידלאך. שבת ווערן זיי פון די לימודים באפרייט.

פון דער עלטערער יוגנט באזוכן א 10 פערזאָן די ווילנער גימנאזיעס, 2 דעם העברעאישן לערער־סע־מינאר, 1 דעם אוניווערסיטעט און בערך 20 — די ישיבות פון מיר און ראדון.

עס איז אויך פאראן א „ישיבה קטנה״ מיט 20 תל־מידים און 2 ראשי־ישיבות, ווי אויך 4 פרעמדע בחו־רים, וועלכע לערנען אין בית־מדרש און ווערן אויס־געהאלטן דורך די בעלי בתים פון שטעטל.

פון די אלטע מוסדות, אויסער דער וואונדערבארער שול, געפינט זיך נאָך אין אלקעניק אן אלטער בית־מדרש, וועלכער איז פארברענט געווארן אין יאר תרנ״ה (1895) און איז אויפגעבויט געוואָרן אין יאר תרנ״ו (1896).

עס עקזיסטירט אויך א מרחץ מיט א מקווה, וועל־כער ווערט איצטער איבערגעבויט. (מרחץ געלט — 50 גראשן) ווייטער עקזיסטירן: אַ אלטע „חברא קדישא״ וועלכע ציילט 30 חברים: אַ „חברה ש״ס״ מיט א פאָר מנינים לערנער; אויך א „חברה משניות״ מיט א פאָר מנינים לערנער; א חברה „עין יעקב״ „חברה תהלים״, „חברה פועלים״, געגרינדעט בערך מיט א 60 יאָר צוריק, וועלכע געפינט זיך אין א באַ־זונדער שטיבל, נעבן בית מדרש מיט א באזונדערן רבי, א בעל־הבית, אָן געצאָלט.

## פייערלעשער, פּאָסט און אנדערע אנשטאלטן

אין שטעטל געפינט זיך אויך א פייער־לעשער־קאָ־מאנדע מיט פיר מכשירים. צווישן די מיטגלידער זיינען פאראן ביי א 20 יידן, דאס רוב בחורים, די־זעלבע צאָל ניט יידן. דער נאטשאלניק איז א ייד, אן אינוואליד. ער איז א פארהייראטער און פירט א בראַנפן־געשעפט.

עס פונקציאָנירט אויך אין שטעטל א פּאָסט מיט

א טעלעגראַף און א טעלעפאָן. אין שטעטל איז פאַראַן א קריסטליכער שפּיטאַל, וואו עס זיינען באַשעפטיקט א דאָקטאָר און אַנ׳אַקושערקע, ביידע ניט־יידן. אנהויב יאָר 1929 האָט זיך געעפנט אַן אָפּטיילונג פון ווילנער קראַנקן־קאַסע, ביי וועלכע עס זיינען אַנגעשטעלט אַ־חוץ די אויבנדערמאָנטע דאָקטאָר און אַקושערקע, אויך א יידישע צאָן־דאָקטערין.

עס איז אויך פאַראַן א ביקור־חולים, געגרינדעט אין יאָר תר״ן. דער ביקור־חולים גיט אַרויס די רפו־אות אומזיסט. ער פאַרמאָגט אויך אַן אייז־קעלער און אַנדערע הייל־מכשירים, ווי פּענכערס, וואַנעס א. ד. ג. ער צאָלט אין שפּיטאָל פאַר אָרעמע קראַנקע, אויך אין ווילנער „משמרת חולים״ א. א. וו.

אין יאָר 1928 איז אויך געגרינדעט געוואָרן א „לינת הצדק״ וועלכער ווערט אָנגעפירט דורך פרויען. דער „לינת הצדק״ שיקט מענשען אויף צו נעכטיקן און אַכטונג צו געבן אויף שווערע קראַנקע.

אין אַלקעניק געפינט זיך אויך אַן אַלטער הכנסת־אורחים, מיט אַן אייגענעם בנין, וואו אורחים געפינען א נאַכטלעגער.

פון די יוגנט־חברות איז פאַראַן א „וועדה לקרן קיימת״, וועלכע שיקט אַלע חודש א היפּשן סכום פאַרן „קרן קיימת״; א ציוניסטישער יוגנט־קרייז, וואָס ציילט 40 חברים, אָרדנט איין רעפעראַטן, פאַרשפּרייט שקלים און פירט דורך די איבעריקע ציוניסטישע אַרבעט.

פריער האָט אויך עקזיסטירט א „צעירי ציון״, א „החלוץ״, וועלכער האָט איבערגעשיקט קיין ארץ־יש־ראל 25 חלוצים, יונגע לייט און אויך א פּאָר משפּחות. איצט איז דער „החלוץ״ בטל געוואָרן.

## אַנ׳איידעלע, פרומע שטעטל

אַלקעניק איז זייער אַנ׳איידעלע און פרומע שטעטל, מיט פיל אַלטע טראַדיציעס און גרויסע לומדים, אפילו בעלי עגלות קענען דאָרט גוט לערנען. א מאָל איז דאָרט אויך געווען א מקום־תורה; א קיבוץ פּרושים פון קאָוונער כולל, ווי אויך א קיבוץ פון בחורים, וועל־כער האָט געציילט בערך 40 בחורים. איצט איז אויך דער בית המדרש אינדערפרי פול מיט מתפללים. 4 מנ־ינים אין דערפרי, איינע נאָך די אַנדערע, און פאַר־נאַכט זיצט מען ביי באַזונדערע פולע טישן, וואו מען לערנט ש״ס, משניות, „עין יעקב״, „חיי אדם״ א. א. וו.

די שטעטל איז א מאָל אויך געווען גאַנץ פעסט אין מעמד, נאָר צוליב דער וועלט־מלחמה, ווי אויך צוליב דער בייטעניש פון די מאַכטן, ווען אַלע זיינען צולאָפן אין ווילנע און פון זייער האָב־און־גוטס איז געוואָרן א באַרג אש, און אויך איצט צוליב די גרויסע שטייערן, איז די שטעטל זייער פאַראָרעמט געוואָרן.

די שטעטל האָט אויך אַרויסגעגעבן א ריי וויכ־טיקע פּערזאָנען, ווי: פּראָפעסאָר יוסף קלויזנער, ר׳ אברהם מענדל גרינצווייג (געווען א צייט שטאָט־מגיד אין לאָדז), מחבר פון ספר „אור היהדות״ אויף דרוש א. א.

אין שטעטל געפינען זיך פיל זקנים און זקנות איבער די אַכציקער. פיל פון זיי קריגן שטיצע פון אַמעריקע. פיל פון דער יוגנט, ניט האָבנדיק וואָס צו טאָן, עמיגרירן, פריער (אין יאָר 1924) קיין ארץ־ישראל און אַרגענטינע, איצט קיין בראַזיליע.

די שטעטל האָט אויך איר שטאָט־שוטה, דאָס איז א בחור פון א יאָר 25, וואָס, ווי דער פּראַגער גולם, אַרבעט טאָג און נאַכט, טראָגט וואַסער פאַר גאַנץ שטעטל וכדומה.

## פאָלקלאָר

די שטעטל האָט איר אייגענעם פאָלקלאָר, אירע איינ־וואוינער רופט מען „אַלקעניקער רעטשקע באָנדעס״, ווייל אַלקעניק געפינט זיך אויף א זאַמדיקן באָדן, וואו עס וואַקסט איבערהויפּט גריקע, פון וועלכע מ׳מאַכט רעטשקענע באָנדעס בולקעס. זי האָט באַזונדע־רע מאכלים, ווי „וואַרעניקעס״, וואָס ווערן געמאַכט פון רעטשקענע מעל אָנגעפּילט מיט קעז. דער מאכל ווערט געמאַכט דאָס רוב אויף שבת צו שלוש סעו־דות, שמחת־תורה ווערט געפּראַוועט א צימעס פון קיילעכדיקע שטיקלעך מערן, און דער צימעס ווערט גערופן אַ „רענדלעך צימעס״ א. אז. וו.

## דעקשניע—סעלאָ

דריי וויאָרסט פון אַלקעניק געפינט זיך די יידישע קאָלאָניע דעקשניע. זי געהערט צו אַלקעניקער גמינע, טראָקער קרייז, ווילנער וואָיעוואָדסטווע. זי באַשטייט בערך פון 35 משפּחות (86 מענער און 95 פרויען), 35 אייגענע הייזער, 878 דעסיאַטין ערד. אין דער קאָ־לאָניע געפינען זיך אויך 4 קריסטן וועלכע וואוינען אין יידישע הייזער און פאַרדינגען זיך ביי יידישע קאָלאָניסטן צו דער ערד־אַרבעט. די ערד, ווי אויך די לאָנקעס אויף פּאַשע, וועלכע זיי רופן „פּירצעס״ האָבן זיי באַקומען נאָך אין ניקאָלאַי דעם ערשטנס צייטן. די ערד איז זייער א מאָגערע, אַזוי, אַז די קאָלאָניסטן מוזן אָנקומען אויך צו אַנדערע פּרנסות, דאָרט ביי די קאָלאָניסטן האַלטן זיך אויף נאָך פון פאַר דער מלחמה ביי 50 משוגעים, וואָס די קרובים צאָלן פאַר זיי פון 60 ביז 150 זלאָטעס א חודש, פון וועלכע די קאָלאָניסטן ציען זייער חיונה. די רואי־קערע משוגעים באַנוצן זיי אויך צו זייער ערד־אַרבעט.

אין קאָלאָניע געפינען זיך 2 שמידן, 1 שוסטער, 1 שניידער, וועלכע באַאַרבעטן אַליין אויך די ערד.

די קאלאניע באַקומט פון צייט צו צייט קרעדיטן פון יק״א, לעצטנס הלוואות אויף בינשטאקן ווי אויך אויף פארשידענע מאָדערנע מכשירים צו דער ערד־ארבעט. זיי פארמאגן אלע צו 2 בהמות און מערער, ווי אויך פערד. עס איז זייער שיין צו זען, ווי קליינע יינגלעך לאזן זיך גאַלאָפּ רייטנדיק אויף די פערד, זינגענדיק דערביי שיינע ניגונים, ווי אויך ווי יונגע פריילינס און בחורים שטייען אין פעלד און ארבעטן מיט גרויס פלייס, זינגענדיק דערביי יידישע לידער.

איניקע קינדער פון די קאלאניסטן לערנען זיך אין ווילנע. איינער אין גימנאזיע, 3 אין ישיבה, איינער אין באראנאוויטש אין קיבוץ.

אין קאָלאָניע געפינט זיך א גרויסער בית־מדרש און א שוחט־מוהל, וועלכער לערנט מיט די קאָלאָניסטן אינדערפרי נאכן דאוונען „משניות״ און בין מנחה־למעריב „עין יעקב״. א גאנצן טאג איז ער א מלמד פאר א 10 קאלאניסטישע קינדער, ער לערנט מיט זיי חומש, גמרא א. א. קיין באזונדערן רב האָט דעקשניע קיינמאל ניט געהאט, ווייל זי געהערט צו אלקעניק.

פיל פון די יונגע קאלאָניסטן האבן עמיגרירט. נאר די עלטערע זיצן אויף אנ׳אָרט. אנדערע באקומען אויך שטיצע פון אמעריקע.

בכלל מאכט דער יידישער דאָרף זייער א גוטן רושם מיט דער שיינקייט פון די הייזער, ווי אויך מיט דער זויבערקייט אומעטום, אין גאס און אין שטוב.

די קאלאניסטן זיינען שטארק פרום. אפילו די יונגע קומען אויך צום דאוונען, וואס אפטמאל איז דאס זיי אפילו א ביסעל א שטער אין דער ארבעט.

קיין מרחץ און קיין מקוה איז אין קאלאניע ניטא און זיי באנוצן זיך מיט די אלקעניקער.

ניט ווייט פון דעקשניע (ביי 5 וויאָרסט) געפינט זיך נאָך א יידישע קאָלאָניע, לייפון, וועלכע באשטייט פון א 25 משפחות־קאלאניסטן. די קאלאניסטן וואוינען אין פויער׳שע הייזלעך מיט שטרויענע דעכער. די ערד איז זייער א שלעכטע און זיי לעבן זייער אָרעם. אין דער קאָלאָניע געפינט זיך א שוחט, א בית מדרש און א מרחץ מיט א מקוה.

ניט ווייט פון אלקעניק איז דא נאך א קאלאניע „פאנאשישאק״, וועלכע באשטייט פון א צוואנציק משפחות־קאלאניסטן. נאר איצט געהערט זי צו ליטע.

יולי, 1929

**חייקל לונסקי**



**א גרופע יוגענטליכע אין וואַלד — 1928**

# אלקעניקער יוגנט

(אפראגמענט פון דער פאעמע „תלמידי חכמים אין דער ליטע")



חיים גראַדע

א מארש, אן אויפמאַרש אין דער נאכט, די יוגנט גייט עס,
בראש — דער קאָמאנדיר, דער תרבות־לערער מייטעס.

ער האָט געהאט תלמידים אנדערהאלבן טוץ,
נאר ס׳ווערט פון טאג צו טאג זיין שולע איינגעשרומפּן.
די היגע יוגנט וויל גיין אין דעם חלוץ,
און עולה זיין קיין „ארץ" טריקענען די זומפּן.

דער צוויטער אנפירער איז לייזערקע קאפיטע,
ביי אים אין שטוב איז דושנע, נידעריק או רויכיק.
ער וויל באפרייען אלע פויערים פון ליטע,
און חברט זיך מיט תרבותניקעס על פי דוחק.

ס׳איז שבת אינדערוואכן ביי די היגע יונגען.
געארבעט האבן זיי אין דער טאקטור־פאבריק,
האָט די קאַנטאָר דאס דאָרף פאר ביליקער געדונגען,
גייט פוסט־און־פאסט דער יונגער דור פון אָלקעניק.

מען פירט דיסקוסיעס יעדע נאכט אין ביבליאָטעק,
און נוצן נוצט מען אויסגעבאָרגטע ווערטער שווערע.
דערנאכדעם לאזט מען זיך צום ברעג פון טייך אוועק
מיט מוידן און מיט לידער רעוואלוציאנערע.

די יונגען זינגען הייס און האלטן ביי די טאליעס
די חברטעס, וואס זינגען אויך מיט קראפט און פייער.
נאר ביי דעם טייך־ברעג, וואו עס קושן זיך די כוואליעס
די פארלעך ווערן ווילדע קאטשקעס אין דעם אויר...



דער מארק־פּלאַץ כאַפּט זיך אויף פון ליאַרעם א פארטויבטער,
און טרייסלט זיך ווי אויף א וואָגן פּוסטע פּעסלעך.
א ווינט לויפט אָן, א זאמד־באדעקטער און פארשטויבטער,
און ער צעטראַגט דעם ווידערקול אין אַלע געסלעך.

דערשראָקן פון געפּילדער כאַפּט זיך אויף דער גייער,
וואָס דרימלט אויף א דאַך אין שימל און אין מאָך.
דער גייער אין א וואָלקן, איינגעמאַטערט זייער
פון וואַנדערן דורך שטעט און שטעטלעך דורך דער וואָך.

האט ער לכבוד שבת דא אַראָפּגענידערט
און צוגעלייגט זיך אויף דער שול דער אָלקעניקער.
נאָר ווינט שלעפּן אויף דער וואַנדערונג אים ווידער,
און „ציצית!" שרייט דאָס שטעטל, „ציצית!" שרייט זי שיכור.

דערלאַנגט דער וואָלקן זיך א הייב אַרויף אין הימל,
צעגאַרטלט זיך, און וואַרפט אַרונטער ווי א שאָטן,
אויף אַלע דעכערלעך באַדעקט מיט מאָך און שימל,
א לאַנגן ברייטן תכלת־בלויען טלית־קטן.

און אידן אָרעמע וואָס חלומען אין דרעמל,
אַז די לבנה איז א זאַק מיט ווייסע מעל,
און אַז זיי וועלן מאָרגן פרי ביי זייער שוועל
געפינען קאָשיקעס מיט פריש־געבאַקטע זעמל.

דערשפּירן איצטער הינטער טויערן און טירן,
אַהינטער אַלע ווענט און לאָדנס און מחיצות,
ווי זייערע פאַרזאָרגטע פּנימער באַרירן
די ווייסע שטראַלן פון לבנה'דיקע ציצית.

די יוגנט גייט פאַרויס מיט זיגערישע מאַרשן,
און מייטעס שרייט: שא שא, דא וואוינט ר' אייזיק־מענדעלע.
ער פירט מלחמה, דער משוגענער בעל־דרשן,
אפילו מיט די לייט וואָס פירן דא די גרענדעלע".

**חיים גראַדע** (אַמעריקע)

# אויפן וועג קיין ארץ ישראל



מ׳באגלייט די עולים פון דער פינפטער עליה



דער יוגנט באגלייט אַ חבר׳טע



דער יוגנט באגלייט אַ יונגע פּאָר וואָס פאָרט קיין ארץ ישראל

# דעם רב׳ס טאכטערס חתונה

**(אפראגמענט פון דער פאעמע „תלמידי חכמים אין דער ליטע״)**

דער עולם ליארעמט: „מזל טוב, שוין נאך קידושין״.
אנטקעגן חתן־כלה טאנצט דער כלה׳ס ברודער.
קלעזמארים שפילן, מחותנת׳טעס זיך קושן,
ס׳איז א געיובל, א געזאנג און א גערודער.

עס פלעכטן די ישיבה־לייט אין גאס א קייט,
נאָוואַרעדאָקער און ראדונער, אפילו מירער,
א האלבע שטעטל ווערט אין ראד ארייגעדרייט:
דער חתן גייט! די כלה גייט! די אונטערפירער!

דער ראש־ישיבה פון דעם חתן גייט! דער חריף
און דער נאָוואַרעדאָקער בעל מוסר, דרך־ארץ!
דעם חפץ חיים׳ס איידעם גייט! ער טוט א שאָרך אויף
צוועלף שווערע רמבמ״ס — און פארענטפערט מיט איין תירוץ.

דער מירער ראש־ישיבה גייט! דער עוקר הרים,
וואס גרייט שיעורים אויף די שיפן קיין אמעריקע,
ער פארט דארט קלייבן געלט, און ס׳גיבן רייך און ארעם
פאר זיינע בחורים די פינף־און־דרייסיק יעריקע.

און ר׳ נפתלי ראדונער וואו איז, וואו איז ער?
אוודאי וויל ער זיך ארויסדרייען פון כבוד.
נאר איצט איז קיינער ניט אין גאונ׳ס רצון נזהר.
מען כאפט אים און ער ווערט אין קייט ארייגעקאָוועט.

פאר׳חולמ׳ט שטייט ער אין דעם טאנצדיקן ראד,
ווי אין דעם וואלד פארטאג מיט האלב פארמאכטע וויעס.
ער שמייכלט, ווי דער וואלד וואָלט אים פארטרויט א סוד,
און ס׳גליט זיין פנים, שטראַלט פון אהבת הבריות.

אין ראד איז אויך דער איישישקער פון די מזרחים,
אגודה׳ניקעס מאכן ארום אים א קרענצל:
„ועשו כולם״ — טוען יונגע־לייט א שטאך אים —
„אגודה אחת״... נאר דער ישיש קוועלט און טענצלט.

**חיים גראדע**

# די אלטע שול

50 קילאמעטער פון ווילנע געפינט זיך די שטעטל אָלקעניק. פון אלע זייטן איז זי ארומגערינגלט מיט טרוקענע סאָסנע־וועלדער, לאָנקעס און גרינע פעלדער, וועלכע זאָגן עדות אז זי פארמאָגט א זאמדיקן באָדן. דורכן שטעטל פליסט דורך די ריינע שטילע מערע־טשאנקע, וועלכע באהעפט זיך אונטערן שטעטל מיט אירע צוויי קלענערע ביי־טייכן סאלטשא און גאלוזשא און פליסט רואיק אוועק אין מערעטש, וועלכע געהערט צו ליטע. אין מערעטש פאלט זי אריין אין נעמאן.

די שטעטל האט פארמאגט פארן חורבן ביי 150 יידישע משפחות און איז געווען איינע פון די עלטסטע יידישע ישובים אין ווילנער געגנד.

ביים ארייִנפאָר אין שטעטל, אויף א בערגל, איז זי געשטאנען די בכבודיגע אלטע שול. אין מיטן וואָך איז זי געווען געשלאָסן, נאָר שבתים און ימים טובים פלעגט קומען נאָך אהין דער יינגערער עולם דאוונען. די עלטערע, דאגעגן, האָבן געדאוונט אין דערבייאיקן בית־המדרש. די שול איז געווען דער ליבלינג פון שטעטל און איר צירונג. יעדע חופה מיט כלי־זמרים ווערט געשטעלט אויפן פלאץ ביים אריינגאנג אין שול. גרויסע פאלקס־שמחות און הספדים ווערן אפגעריכט אויפן זעלבן פלאץ. יעדער אָלקעניקער ייד, דערציילנדיק די חשיבות פון זיין געבורטשטאט וועט ניט פארגעסן אפגעבן דעם ערשטן ארט די שול מיט נאפאלעאנס פרוכת, וועלכער געפינט זיך דאָרט.

די שול איז אויסגעבויט געווארן נאך דער שרפה פון דער גאר אלטער שול, וועלכע איז געשטאנען אויף דעם זעלבן אָרט, אין די יאָרן תקנ״ח־תקס״ב (1798—1802), אויפן חשבון פון קהל מיטן מיטהילף פון פוילישן פריץ גראנאווסקי. צו דעם זעלבן פריץ האט ווארשיינליך געהערט דער גאנצער שטח ארום שטעטל. אין שטאָטישן פנקס ווערט דערמאנט א אספה פון קהל אין יענע יארן, וועלכע באהאנדלט די געלטמיטלען אויף צו בויען די שול. לויט די פארטיילונג פון „שטעט״, דארף יעדער בעל־הבית באצאלן פאראויס א סכום געלט אויף די צרכי־הבנין. דער קינסטלער און אנפירער פון דער ארבעט איז געווען א ייד ר׳ מרדכי בר׳ גו־שון, וועלכער האט איבערגעלאזן אן אויפשריפט אויפן סופיט: „מעשה ידי להתפאר... אני ר׳ מרדכי בר׳ גרשון״. דאס ווערט אויך באשטעטיקט אין שטאטישן פנקס. די ארבעטער און קינסטלער זיינען געווען, ווי מען דערציילט אין שטעטל, דייטשן.



די שול שטעלט מיט זיך פאָר א פירקאנטיקן הויכן הילצערנעם בנין מיט פענסטער הויכע, ביז 5 מעטער פון פונדאמענט, אין אלע זייטן, אזוי אז אינעווייניג איז טונקל, בין־השמשות׳דיק. א גרויסע שווערע טיר, דורכגעפלאָכטן מיט אייזן, מיט א ספעציעלען מעכאניזם צום שלאס, געפינט זיך אין מיטן מערב־וואנט. פון טיר גייט מען אראָפ אויף 5 טרעפ אין שול, דער דאַך מיט די דעכאלאך און בייגונגען זיינען כאראקטעריס־טיש פאר די בוי־קונסט פון הילצערנע שולן אין פוילין.

פון פראָנט, צום מערב־וואנט, איז צוגעבויט אַ פּאָליש מיט צוויי שטיבלעך אין די זייטן, וועלכע איז הארמאָניש צונויפגעגאסן מיטן גאנצן בנין. אין פאליש גייט מען אריין דורך 2 טירן. צום צפון וואנט פון שול איז צוגעבויט אן עזרת־נשים. פון עזרת־נשים קוקן אריין א ריי פענסטערלעך און איין טיר אין מענער־שול. מיט יאָרן צוריק פלעגן די פרויען דאוונען אין מענער־שול אויף דער נידעריקער גאלעריע, וועלכע געפינט זיך, ליינג אויס די מערב־וואנט, איבערן טיר. צו דער גאלעריע פירט א טיר פון מענער־שול. דער הויכער סופיט, וועלכער פארענדיקט זיך מיט א אכטקאנטיקער גאלעריע, איז אונטערגעשפארט מיט פיר הילצערנע פירקאנטיקע פוסטע רענעסאנס־פילאסטערס. די פּי־לאסטערס זיינען אין מיטן איבערגעגארטלט מיט באַ־פוצטע שטאַבעס. די פילאסטערס האָבן באַזיסן. די נידעריקסטע טיילן פון די פילאסטערס זיינען פאר־שריבן מיט פארשידענע תפילות, מיט ווייסע, רויטע און טונקל־בלויע פארבן, אין דעם יאָר תר״ט (1850). דער יאָר איז אָנגעמערקט אין די אויפשריפטן פון פסוקים, ווי „וכתוב לחיים טובים כל בני בריתך״. איבער דער אויבערשטער גאלעריע איז דער סופיט געבויגן אכטקאנטיק.

אמאל שמחת־תורה פלעגן דער חזן מיט די משוררים זינגען און גיין די הקפות אויף דער אויבערשטער גאלעריע, וועלכע געפינט זיך ביז 9 מעטער הויך איבער דער אויבערפלאך פון שול. די ווענט זיינען ניט קיין באמאָלטע, טונקעלע און מאכן א אומעטיקן איינדרוק. נאר אויף דער מערב־וואנט, רעכטס פון טיר, זיינען אנגעמאלט די דרייצן „אני־מאמינ׳ס״. לינקס פון טיר איז דאָ א שווארצער פירקאנטיקער פלעק — „זכר לחורבן״ — מיטן אויפשריפט „המקום ינחם אתכם בתוך שאר אבלי ציון וירושלים״.



דער ארון הקודש, וועלכער פארנעמט די גאנצע הויך

פון מזרח־וואנט, ביז 9 מעטער, און ביי דריי אהאלב מעטער די ברייט, איז אינגאנצן צונויפגעשטעלט פון העלגעשניצטע האָלץ. דער ארון הקודש מאכט א אויסערגעוויינליכן איינדרוק מיט זיינע שיין־געבויגענע ליניעס און אָרנאמענטן. די געשניצטע פוסטע זיילען און פלאכע פליגלען זיינען צונויפגעשטעלט פון געפלאָכטענע געוויקסן מיט פארשידענע בעלי־חיים נאטירליכע און מיטאָלאָגישע. צווישן די בעלי־חיים זיינען דאָ פארשידענע לייבן און הירשן. באראנעס און אָדלערס, האלבע לייבן אין האלבע פיש, לייבן מיט פליגלען, צוויי טויבן, וועלכע זאָלן מיט זיך סימבאָליזירן די כרובים. אין מיטן ארון קודש איז דאָ א שניצונג פון לויתן, וועלכע האלט דעם עק אין מויל (לויט דער באוואוסטער לעגענדע), און אנדערע.

דער אויבערשטער טייל פון ארון הקודש, איבער די טירלעך און פרוכת, איז די שניצונג געטיילט אויף דריי טיילן, וועלכע סימבאָליזירן מיט זייער אינהאלט און אָרנאמענטיק די דריי „כתרים": „כתר־תורה" מיט די עשרת־הדברות, „כתר־כהונה" מיד די „ידי הכהנים" און „כתר מלכות", וועלכער געפינט זיך אויף די צוויי קעפ פון אדלער. דער אדלער האלט אין איין פוס א שופר און אין דער צווייטער — א לולב. אויפן גוף פון אדלער איז אָנגעשריבן „שויתי ד' לנגדי תמיד". צווישן „כתר־תורה" און „כתר־כהונה" געפינט זיך א צוועלפקאַנטיקע פיראמידע מיט צוועלף שבטים. דער סטיל פון ארון הקודש איז א קאָמבינירטער. דער הויפט נוסח איז באַראָק, מיט רענעסאַנס אָרנאַמענטן, אין א יידישער אינטערפרעטאציע.

אין די טויערן פון ארון הקודש און אין די זייטיקע עמודים, וועלכע טראגן די נעמען „יכין" ו„בעז" (די עמודים אין בית־המקדש) איז קאָנסטרואירט א „לוח", וועלכער באוועגט זיך מיט ספעציעלע מעכאניזמען. דער לוח איז אויסגערעכנט אויף 448 יאר, פון יאר תקנ"ח, ווען ער איז קאָנסטרואירט געוואָרן ביזן סוף אלף הששי. ער ווייזט אָן פינקטליך די מולדות, חגים ומועדים אויפן גאנצן יאָר, נאכן חשבון פון דער לבנה און דער זון.

דער נאָמן פון פארפאסער, מיטן שליסל ווי זיך צו באנוצן מיטן לוח, איז אויפגעשריבן אויף פארמעט אונטער גלאָז, און איז איינגעהילט אין מליצות'דיקע פזמונים און רעטענישן.

איבער די עמודים געפינען זיך אויפשריפטן „וזאת נדב... יוסף בר' יהודה לייב וזוגתו דבורה בר' יקותיאל מלייפון". (לייפון איז א יידישע קאלאניע, 9 קל"מ פון אלקעניק). נעבן די אויפשריפטן, הייגגן 2 קליינע רעפלעקטארן מיט איינגעפאסטע שפיגעלאך.

★

די בימה איז געבויט אין א אכטקאנטיקער פארם. אכט שיין געשניצטע זיילן אין סטיל פון נעאקלאסיציזם, מיט דעכלאך און וואזעס, האלטן אויף זיך דעם אויבערשטן טייל, וועלכער זעט אויס ווי א חופה פון געבויגענע גירלאנדעס, בעהאנגענע מיט פארשינענע קרענץ בלעטער, בלומען און פרוכטן. די שיין געשניצטע בויגנס פארשמעלערן זיך אין דער הויך, און ענדיקן זיך מיט א אכטקאנטיקן געזימס, פון וועלכן עס דערהויבט זיך א באפוצטער אכטקאנטיקער באזיס. אוף דעם באזיס איז מאנטירט א פעדיעסטאל, אויף וועלכן עס שטייט א האָן, ענליך צו א אָדלער, מיט אויסגעשפרייטע פליגלען און האלט א קרוין אויפן קאפ. דער אדלער זאָל באדייטען דעם פוילישן נאציאָנאַלן הערב.

אינטערעסאנט איז די לעגענדע, וואס דערציילט, אז די בימה האט געבויט א צווייטער קינסטלער, ווייל דער קינסטלער וואס האט געבויט דעם ארון הקודש איז געשטאָרבן אין מיטן דער ארבייט. פארן טויט האט ער געשניצט א האלבן „שויתי" און געשריבן אין צוואה אז דער קינסטלער וועלכער וועט קענען צו־מאכן א צווייטע סימעטרישע העלפט, וועט זיין ראוי צו בויען די בימה. עס האט זיך געפונען אזא קינסטלער, וועלכער האָט טאקע פארענדיקט די איבעריקע שניצונגען פון בימה. די לעגענדע נעמט זיך אפשר דערפון, וואס די שניצונגען פון בימה זיינען אינגאנצן פון א אנדער סטיל, פון נעאקלאסיציזם מיט באַראָק בויגנס. דער ארון קודש אָבער איז פון רענעסאנס סטיל, געמישט מיט באַראָק מאָטיוון, פארמאָגט א פאָר צענדליק שניצונגען פון בעלי־חיים. די בימה דאקעגן האט נאר בלומען און בלעטער, און א סך אייער־שטאבעס ציינער־שטאבעס און פערל־שטאבעס. דער ארויפגאנג אויף דער בימה פירט דורך „שערים" באפוצטע מיט הילצערנע וואזעס.

קיין קינסטלערישער הילצענער עמוד איז אין שול ניטא. (דעם פארגאנגענעם יאר, תרצ"ב, 1932, האט די שטעטל „ארייגעגעבן" מיט גרויס פאראַד א שיינעם מעשענעם עמוד). נאר אויפן מזרח־וואנט הייגגט א האלץ־שניצונג, מיט א קאמייע אין־דער־מיט און די ווערטער „שויתי". די שניצונג האָט געזאָלט פארבייטן דעם עמוד. אין שול זיינען דא 2 צוגעקלאפטע מעשענע בלעכלעך, אין דעם פאָרם פון א פאנצער, מיטן אויסגעדריקטן פוילישן אדלער אין־דער מיט, און פון ביידע זייטן מלחמה־כלים. פון אונטן געפינט זיך א מאנאגראם. אויפן וואנט לינקס, ביים ארון הקודש, הייגגט א גרויסער מעשענער בלעך — אן אלטער רעפלעקטאָר. ענליכע רעפלעקטארן, נאר קלענערע, געפינען זיך אין קעניגליכן פאלאץ, אויפן וואוועל, אין קראקאוו. צו די מעשענע בלעכלעך מיטן רעפלעקטאר זיינען צוגעמאכט רערלעך, און דינען אלס ליכט־לייכטער. צו די צוויי פאדערשטע זיילן פון בימה זיינען צוגעקלאפט צוויי אריגינעלע גלעזערנע געבויגענע לייכטערלעך. פאר דער

מלחמה זיינען געהאנגען אין שול זייער גרויסע און שווערע מעשענע הייגלייכטערס, נאָר די רוסן האָבן זיי ארויסגעפירט אין רוסלאנד אין צייט פון וועלט קריג אין יאָר 1915 אויף אויסצוגיסן פון זיי גילזן פאר די קוילן.

ביים ארייגאנג אין שול, לינקס, געפינט זיך א אלטער „כסא של אליהו". ווען עס איז אויסגעקומען א ברית מילה, שבת אָדער יום־טוב, פלעגט דער ברית פּאָרקומען אין שול און דער סנדק מיטן קינד פלעגן זיצן אויף דעם שטול.

אין שול געפינען זיך 2 זאמד־טישן, אין וועלכע עס געפינט זיך ביזן היינטיקן טאג זאמד אויף צו בעהאלטן די ערלות פון די בריתן. ראש השנה און יום הכפורים שטעלט מען אריין אין די זעלבע זאמד־טישן גרויסע יארצייט־ליכט.

עס איז וויכטיק צו דערמאנען, אז נאפּאָלעאָן דער ערשטער, איז דורכגעפאָרן מיט זיין סוויטע, אויפן וועג קיין מאסקווע, דורך אלקעניק. ער האט באזוכט די שול, און אלס צייכן פון באוואונדערונג און דאנקבארקייט האט ער איבערגעלאזן צום אנדיינק א טייל פון זיינס א צודעק, פון אונטערן זאטל. אויף דעם צודעק זיינען געווען אויסגעוועבט מיט גאָלדערנע פעדים אויפשריפטן און אויך זיין נאמען. אויפן צודעק זיינען איבערגעבליבן אויסגעוועבט מיט זילברנע פעדים פארשידענע ארנאמענטן, מלחמה מכשירים מיטן פראנצויזישן הערב און אויפשריפטן אין לאטיין Gloria et Patria דער צודעק ווערט באנוצט אלס כפורת אויפן ארון קודש, און אין שטעטל רופט מען אים מיטן נאמען „נאפּאָלעאָנס פרוכת". פאַר די לעצטע צענדליקער יאָרן איז די שול באזוכט געוואָרן דורך הונדערטער דורכפאָרער־ יידן און קריסטן, וועלכע האבן אויסגעדריקט זייער גרויס באוואונדערונג פאר די שיינקייט און נייקייט פון די שניצונגען.



אינטערעסאנט זיינען אויך די לעגענדעס, וועלכע חזרן זיך איבער אין פארשידענע ווארינאנטן ביי אנדערע אלטע בנינים. אויסער דער אויבנדערמאנטע לעגענדע וועגן „שויתי", איז כדאי צו פארצייכענען נאָך איינקע:

דער פריץ גראנאָווסקי, וועלכער האָט געגעבן געהילץ אויף אויפצובויען די שול, האָט געוואָלט אויהפהיינגען אין שול זיינס א בילד. קהל האָט קעגן דעם פראטעסטירט, און כדי אים צו באפרידיקן האט דער בוי־אונטערנעמער, ר׳ מרדכי, אויסגעמאלט אויפן סופיט דעם פריצ׳ס פאלאץ, וועלכער געפינט זיך טאקע אויפן סופיט איבערן ארון קודש, ביז היינטיקן טאג.

וועגן דעם זעלבן פריץ דערציילט מען, אז ער פלעגט גיין איבערן שטעטל און טרייבן מיט א שטעקן „זיינע יידן" אין שול אריין.

דער בוי־אונטערנעמער און בעל מלאכה ר׳ מרדכי איז געווען אן אלטער מאן. אין דער צייט, ווען ער האט געבויט די שול, האט ער געגעסן „טעג" ביי די שטעטלשע בעלי־בתים. וועגן נדבן יוסף בר׳ יהודה מלייפון דערציילט מען, אז אין דער צייט פון דער פראנצויזישער מלחמה זיינען געשטאנען מיליטער אויף די פעלדער ארום לייפון. די מיליטער האבן באגראבן אין דער ערד א גרויסע סומע געלד. יוסף האט צופעליק, גראָבנדיק די ערד, געפונען דעם אוצר, און כדי אליין ניט הנאה צו האבן פון דעם גאנצן געלד, האט ער געגעבן א נדבה דעם ארון קודש. (די לעגענדע שטימט ניט מיט דער ווירקליכקייט, ווייל די פראנצויזישע מלחמה איז געווען ביי 10 יאָר שפּעטער).

אין שטעטל זיינען פּאָרגעקומען א סך שרפות, און די שול איז אלעמאל אפגעראטעוועט געוואָרן. ביי דער לעצטער שרפה, ווען עס האט אפגעברענט דער אלטער בית־המדרש, וועלכער האט זיך געפונען הארט ביים שול, האט די שול שוין אָנגעהויבן ברענען, דאן האָט די גאנצע שטעטל אוועקגעוואָרפן זייער אייגן האב און גוטס, און קינד און קייט האט זיך געלאזט ראטעווען די שול. ביי דער שרפה האט מען אייניקע שניצונגען אפגעבראכן פון ארון קודש. דער ווינט האט זיך אפגעקערט פון שול און זי איז געראטעוועט געוואָרן. מען דערציילט, אז די שטעטלשע יידן, ניט האָבנדיק מיט וואס צו לעשן די שול, האבן פארווארפן די ווענט מיט בלאטע, וועלכע האט זיך געפונען ניט ווייט פון שול. אין דער רעטונגסאַקציע האט זיך אויך באטייליגט א אפטיילונג פון די ארטיגע רוסישע מיליטער.

וועגן שדים און רוחות דערציילט מען א סך לעגענדעס, וועלכע חזר׳ן זיך איבער אין פארשידענע ווארינאנטן ביי אנדערע אלטע שולן. צו די לעצטע היסטאָרישע געשעהענישן, וועלכע זיינען פארבונדן מיט דער שול, קען פארצייכנט ווערן, אז אין 15־טן יאָר, ווען די רוסן האָבן זיך עוואקואירט פון דער געגענט, זיינען אויך ארויסגעפירט געוואָרן ביי א 70 גייסטיק־קראנקע פון דער נאנטער קאלאניע דעקשניע (סעלא). די גייסטיק־קראנקע האבן זיך אויפן וועג קיין ווילנע אָפּגעשטעלט אין פּאָליש פון דער אלטער שול. אין פארלויף פון א חודש צייט האָבן זיי פאראומריייניקט דעם פּאָליש, ביז וואנען מען האָט זיי ארויסגעפירט קיין ווילנע, מיט דער הילף פון דעם געשאפענעם הילפס־קאמיטעט פאר די עוואקואירטע יידן. פון יענער צייט זיינען געבליבן אין שול א סך ספרי־תורות און רעליגיעזע ספרים, וועלכע געהערן צו ליטווישע יידן. די שול איז אָפּגעמעקט געוואָרן אין דער לעצטער שרפה דעם 25.6.1941.

## אויפשריפט אויפן ארון קודש

הפעם הרביעי אודה לאלהי הברכה
המשדד לטובה מערכה
הנותן ליעף כח ולאין אונים עצמה וארוכה
והנחני נתיב דרוכה בנקי כפים ובר לבב נמוכה
אשרי העם שלו ככה.

ראשית מלאכתי בניסן החדש הראשון ערכתי
ב׳יסוד ישרים ידי משכתי ובכי טו״ב גמרתי
בחנוכת הבית הכשרתי שנת הסר שרי
חמשים ממצות ישראל קדושים ושים פחות לשלישים
למנות ימינו נגשים.

(פון דער אויפשריפט דרינגט ארויס ווען דער ארון קודש איז געבויט געוואָרן אין יאָר תקס״ה—1805).
הרוצה לידע שמי בברורים יקח עשרת הדברים
ומאלים שבעים תמרים ומאה ברכות הנאמרים
ושני לוחות חבירים ולשם אבי קח המפרד לשלשה
ראשים והכי נכבד מן השלשים ואחרון מרכב
ופרשים ובריה קלה דלית בה
ממשיט מלשון
צאן קדשים.

(זעה העברייאישער טייל זייט 83)

פון דעם רעבוס דרינגט ארויס אז דער שניצער פון ארון הקודש האָט געהייסן יעקב בן שלמה.

אויפן ארון הקודש געפינט זיך א דריטע אויפשריפט אין חרוזים. די ראשי תיבות פון די פסוקים באדייט: אני יעקב בן שלמה מראסין יצ״ו. די לעצטע שורות פון דער אויפשריפט לויטן:

כד׳ העוסק בתורה ומצוות ברה, והכוסף בחכמה המאירה, והדורך על במתי מלאכה נקיה ומפוארה, בק״ק וואלקעניק מעטירה, יעמידה אלהים עד בנין בית הבחירה!!!

★

איך געפין פאר מיין חוב צו דערמאנען דעם אלטן שמש ר׳ צבי מאיר ראבין ז״ל, וועלכער איז עטליכע צענדליק יאר געווען שמש אין שול, איבערנעמענדיק די שמשות פון זיין פאָטער ר׳ אליעזר ז״ל. דער שטאָט־שמש ר׳ הירש מאיר איז געווען ביז יאר תרפ״ה אויך קאזיאָנער ראבינער. דיביידע שטעלעס זיינען אים איבערגעגאנגען בירושה פון זיין פאטער. זיין זיידע איז געווען דער קידאנער עילוי, הקדוש ר׳ אברהם אליעזר און עלטערער ברודער פון געוועזענעם ירוש־לימער רב ר׳ שמואל סאלאנט ז״ל. איינמאל ערב פסח איז דער זיידע געגאנגען טובלען כלים אין טייך, האָט זיך איינגעבראָכן דער אייז און ער איז דערטרונקען געוואָרן. זיין מצבה פון יאָר תקצ״א געפינט זיך אויפן בית־עולם. ער האָט די שול אפגעהיט אין אלע שווערע צייטן פון דער מלחמה. פון אים און נאך אלטע לייט האָב איך געהערט די אויבנדערמאנטע לעגענדעס און היסטאָרישע פאקטן וועגן דער שול. די קאָנסט־רוקציע פון שול און די בוי־קונסט קען איך אויפן סמך פון אומצייליקע פערזענליכע באָאָבאַכטונגען.

און איצט ווען די שול צוזאמען מיט די טייערע אַלקעניקער יידן זיינען פארטיליקט געוואָרן, און ס׳איז קיין זכר ניטא פון זיי, האָב איך געפילט פאר מיין פליכט דאָס אלעס פאראייביקן אין שריפט און בילד.

**שלמה פארבער**

★

## די לעגענדע וועגן נדבן ר׳ יוסף

דעם ארון־קודש האט מנדב געווען ר׳ יוסף ב״ר טוביה מלייפון ואשתו דבורה פאר א מקום אויפן בית־עולם פאַר זייער טאָכטער חיה. וועגן ר׳ יוסף מלייפון דערציילט מען, אז ער איז געווען א גרויסער עושר, עד האט געהאלטן אין ארענדע א קרעטשמע ביים פריץ נעבן לייפון און געהאט ביי די איבעריקע, פריצים פון יענעם געגנט אויך גרויס חן צוליב פאלגענדע געשיכטע:

איינמאל האט זיין פריץ צונויפגערופן אלע פריצים פון זיין געגנט אויף יאכט ביי זיך אין די וועלדער. האָט זיך געמאכט, אז איין גרויסן בער האט קיינער פון זיי ניט געקענט כאפן. מען האט עס דערציילט דעם ארענדאר. איז ער ארויס און דעם בער גלייך דערשאסן. פון דענסטמאל אן האבן אים אלע פריצים זייער ליב געקראָגן און אים אנגעטרויט אלע זייערע געשעפטן, פון וואס ער איז געווארן זייער רייך. ער איז טאקע געווען א גרויסער גיבור, א הויכער, ממש א ריז, אויסער זיין עשירות, איז ער אויך געווען א גרויסער בעל־צדקה און זיך מתחתן געווען פון גרויסן יחוס.

**ח. ל—קי**

# די אלטע שול ביי דער מערעטשאַנקע

(פון דער פאעמע: תלמידי־חכמים אין דער ליטע)

ווער קען מיט אלקעניק אין וועלדער זיך פארגלייכן,
און אויך אין וואַסערן איז זי געבענטשט און רייך.
זי האט זיך אויסגעצירט אין זילבערנע דריי טייכן,
די מערעטשאנקע אבער איז איר שענסטער טייך.

מיט לאנגע וואסער־האר און גראָזיק־גרינע ברעמען
זי גייט ארום אין אַלקעניקער קאַנט א שטאָלצע,
און פירט צוויי קינדער ביי די הענט — זי פירט צום ניעמען
צוויי בייטייכן, גאלוזשא און די קאלטע סאלצע.

צו אירע פוס־טריט טוליען זיך די פעלדער גריקע,
געהויקערט־קרומע ווערבעס און בעריאזעס שלאנקע
פארקריכן צו איר ברעג און לויערן בשתיקה —
זיי ווילן זען א נאקעטע די מערעטשאנקע.

נאר זי, פארשנורעוועט אין שטיינערדיקע שיך
און אַנגעטאָן אין קליידער, אויסגעפוצט פון פלאנצן,
באהאלטן אין די גראזן וויקלט זיך אויף גיך,
ביז זי דערזעט א קלויסטער און ס'נעמט גאָלדיק גלאַנצן

א צלם אויף איר ברוסט. זי שפיגלט אפ דעם קלויסטער,
דעם קרייץ ביים שייד־וועג, און ליטווינקעס ביי דעם קרייץ,
וואו יעזוס הענגט א צוגענאָגעלטער, אַנטבלויזטער,
און בלאנדלעך־שיטער איז זיין בערדל ווי דער ווייץ.

אין שטעטל אָבער, נאָנט צו דער שקיעה פרייטיק,
פארשלייערט זיך די מערעטשאנקע אומגעריכט
און ווערט א אידישע באחנ'טע כלה, צייטיק
פאר חופה־וקידושין און פאר שבת־ליכט.

אין אירע אויגן צינדט זיך אן דער בית־הכנסת
מיט אלע זיינע לאָמפן, הענג־לייכטער און העסעס.

די אלטע שול וואקסט אויס לכבוד שבת העכער,
די קרומע שינדל־דעכער טורעמען זיך דריי מאל
אריבער זיך אליין, און ס'זעען אויס די דעכער —
א קאָפּ, א יארמולקע, און איבער דעם א שטריימל.

דער שטאָט־מגיד דערציילט זיין תלמיד:
„פאראנען נאך באריִמטע שטאט־שולן און קלויזן,
נאר אונזער שטאט־שול האט גרויס כבוד אנגעטאן
דער קייסער פון די גאָר אמאָליקע פארנצויזן,
און אנגערופן האָט מען אים — נאַפּאָלעאָן.

דער קייסער איז דורך אונזער שטעטל דורכגעריטן,
און פון התפעלות פאר דער שול דער אַלקעניקער
האט ער דעם צודעק פון זיין פערד אויף העלפט צעשניטן,
און אונזער שול געשאנקען איינס פון אירע שטיקער.

און אויסגעהאפטן איז אויף דעם געוואנט מיט גאלד
פיר קרוינען און כלי־זיין, פאָנען מיט טראָמפּייטן,
פון גינגאָלד, זהב טהור, איז דאָרט יעדער טראָלד,
מיט אותיות זילבערנע און אויסגענייט קווייטן.

דער קייסער האט פאר א פרוכת עס געשאנקען,
מיט איבער הונדערט יאָר צוריק איז עס פארלאָפן — — —
און ס'נעמט דער שטאָט־מגיד אוועק די האנט פון חאָנקען,
וואָס איז פארמאטערט פון די וואונדער איינגעשלאָפן.

די מערעטשאנקע רוישט אינדרויסן ביי דעם פענצטער,
און אירע כוואליעס שעפטשען, שושקען זיך פארטרויליך;
„דער אַלקעניקער בית הכנסת איז דער שענסטער,
ווי דעם לויתנס פאלאץ פון דעם פערל בדולח.

דער בית־הכנסת אויפן הויכן ברעג איז שיין,
און שענער נאָך אין אונזער שפיגל דעם צעשטראלטן".
די מערעטשאנקע לאזט אין וועג זיך ווייטער גיין
און פירט דעם בית־הכנסת אויף איר גרונט באהאלטן.

זי גייט פארביי א דאָרף, וואו ס'וואוינט איין איד, א שמיד,
און אומעטיק איז אים א אידן אויפן ישוב,
דערזעט גאר אומגעריכט דער הארעפאשנער איד,
פאר זיינע אויגן הויבט זיך אויף פון טייך א כישוף.

די אַלקעניקער שול מיט אלע אירע טורעמס,
אן נעגל און אן בלעך, פון האלץ אויסגעשניצטע.
און ווי די הימלען אויסגעלייטערטע נאָך שטורעמס,
די פענצטער אירע פינקלען אין דער זון צעבליצטע.

דער פראָסטער דאָרפס־איד וויים, די שול איז וועלט־באריִמט,
זי איז א שם־דבר אין ליטע און אין פוילן.
דעם אידן דאכט זיך אויס: דער בית־המקדש שווימט!
און מיט זיין דלאָניע דעקט ער צו דעם קאפ דעם הוילן.

ביי מערעטש, וואו די מערעטשאנקע, ברייט און פול,
פארשווינדט אין ניעמאן מיט די בייטייכן אינאיינעם,
שטייגט העכער נאָך ארויף די אַלקעניקער שול,
און שטראלט ווי גינגאלד אין דעם הימל־בלוי דעם ריינעם.
און דער וואס איז אמאָל געשטאַנען אויף איר שוועל,
זי גייט אים נאך דורך אלע יארן פון זיין לעבן,
איר מזרח פינקלט אויף זיין פנים זוניק־העל,
און אין זיין חלום הערט ער אירע כרובים שוועבן.

אויך מיך האט זי באגלייט און אין מיין לאנגן וואגל
האב איך געהערט אויף אירע דעכער טויבן ברומען.
אַ אויסגעשניצטע, אָן איין פגם און אָן איין נאגל
פון אייזן אין איר לייב — איז מיר נאכגעשוואומען.

נאר זינט עס האבן טמאים איר געהילץ פארברענט
און זי האט ברענענדיק אין טייך זיך אפגשפיגלט —
איז זי ארויס פון פייער מיט א דאך און ווענט,
וואס ווערן קיינמאל ניט צעשמאָלצן אין א טיגל.

זי שווימט אין הימל, א געביי פון ריינעם פייער,
אנטקעגן איר שווימט אָן די רש״י־שול פון וואָרמס,
און די פארברענטע שטאָט־שולן פון מיינץ און שפייער,
ווי שוועסטער טרעפן זיך מיט אויסגעשפרייטע ארעמס.

פון אלט־לובלין קומט אָן די שול פון מהרש״ל,
די שול פון דעם רמ״א אין קראקע, און קלויז ישן —
מיין ווילנער קלויז, מיין חרובע, מיין לעצטער שטראַל,
ווען אלע מיינע זונען זיינען שוין פארלאשן.

די שולן בלאָנדזשען, ווי אויף טויטע אָקעאנען
א מחנה שיפן מיט אראָפגעלאָזטע זעגל,
און צווישן זיי איז אויך מיין וואונדער־שיף פאראַנען —
מיין אלקעניקער שול וואס איז געבויט אָן נעגל.

פארצויבערט שווימט זי מיר פאָרביי, און א פארגאפטער
דערהער איך ווי עס רופט מיך א געהיימע שטימע:
„יעמוד ר׳ חיים!״ — רופט מיך אויף א קול צו מפטיר,
און איך דערזע געשטאלטן אויף איר הויכער בימה.

די אידן וואַרטן מיט טליתים אויף די קעפ,
און די עטרות, גאלד און זילבער, פינקלען, בליצן.
נאר ס׳זיינען צו דער בימה ניט פאראן קיין טרעפ,
ווי צו א הויכן בארג מיט אייז־באדעקטע שפיצן.

אויך איך בין נע־ונד ווי יעקב, נאר זיין לייטער —
זיין לייטער האב איך ניט דעם הימל צו דערגרייכן.
און ווי ס׳פארוואָלקנט זיך א בארג־שפיץ א פארשנייטער,
פארוואָלקנט זיך די שול און ווערט־ניט אין די הייכן.

איך הער בלויז אירע ווייטע אפגעהילכטע שטימען,
אז איך זאָל זי אין מיין געזאנג אויפסניי באשאפן.
און זי בלויז די שאטנס אירע צו מיין ברעג דערשווימען,
און שווימען אין מיין הארץ אריין ווי אין א האפן.

**חיים גראדע**




די קמיע „שויתי" (זעה די לעגענדע וועגן זיי בויער פון אלקעניקער שול).

# אַ משפחה אין אלקעניק

דאס וואס איך וועל דא דערציילן אין שריפט, האט מיר מיין מוטער חנה דערציילט ווען איך בין נאך א קינד געוועז, מיט איבער 50 יאר צוריק.

איר אוראלטע פאמיליע האט געלעבט אין אלקעניק נאָך דענסטמאָל, ווען פוילן איז געווען אומאָפּהייניגיק פאר די צייטן פון יעקאטערינע די גרויסע, אין 18־טן יאר הונדערט.

די פארצווייגטע פאמיליע איז געווען זייער רייך. זיי זיינען געווען פארבונדן דורך זייערע געשעפטן מיט דער פוילישער אריסטאקראטיע און די פוילישע פאטריאָטן.

זיי האבן געוואוינט אין די פאלאצן, וועלכע זיינען אויסגעבויט געווארן דורך דער פוילישער רעגירונג מיט יאָרן צוריק. די פאלאצן זיינען געשטאנען אויף א בערגל ביים ברעג טייך מערעטשאנקע, וועלכע האט אין יענע יאָרן געפליסט, וואו לעצטענס האָט געפליסט די גאלוזשע, נעבן די געביידעס פון פאָרסטער (וואלד־פארוואלטונג).

זיי זיינען געווען די ארענדאטאָרן און גוטבאזיצער פון דעם גוט אלקעניק און געגנט. ארום האָבן זיך באזעצט יידן בעלי מלאכות, וועלכע האָבן געארבעט פארן גוט.

די משפחה האט געהאט באציאונגען מיט פראנקרייך און דייטשלאנד, פון וואנען זיי האבן געבראכט לערער פאר זייערע קינדער און וואוהין זיי האבן געשיקט זייערע קינדער שטודירן.

מיין מוטערס עלטערזיידע איז געפארן אין אויסלאנד און געבראכט פון דארטן קינסטלער און ארבעטער, וועלכע האבן געבויט די אלטע הילצערנע שול.

אין אונזער משפחה האט מען דערציילט פאָלגענדע געשיכטע: צו דער עלטער־באָבן איז געקומען א הענדלער און איר פאָרגעליגט, זי זאָל ביי אים קויפן א קראנץ פערל. זי האָט די פערל געקויפט. זאָגט דער הענדלער: ווען זי וויל, דאָס די פערל זאָלן זייער גוט שיינען, זאָל זי זיי געבן אראָפּשלינגען א גאנז. ווען די פערל וועלן דורכגיין דורך איר קערפער וועלן זיי זייער העל שיינען. האט זי אזוי געטאָן. דערווייל האט דער הענדלער די גאנז אוועקגעגנב׳ט. ביי אונז אין הויז פלעגט מען זאָגן „ווילסט זיין רייך — אפשר וועסטו געפינען די גאנז?...״

מיין מוטערס פאמיליע האט געשטאמט פון רש״י, וועלכער האָט ווי באַקאַנט געלעבט אין פראנקרייך, אין טרויאש, און האבן נאכדעם אנגענומען די פאמיליע טרייוואַש (טרייוואוש). ביי אונז אין דער משפחה האט מען פון דור צו דור געלערנט רש״י. איך האב אויך אין מיינע קינדער יאָרן געמוזט יעדן שבת זיצן 2 שעה און לערנען רש״י. איך געדענק אז מיין מוטער האט געלייגט אכט אויף דעם מוסר־השכל, וואס רש״י האט געפרעדיקט. צום ביישפיל: „ווען דו גייסט וואשן דיינע הענט צום עסן, זאלסטו מאַכן א ברכה. — ד. ה. פריער זאָלסטו זאַט מאַכן דיין גייסט, נאָכדעם — דעם מאָגן״; „פריהער זאָלסטו געבן עסן דעם אָרימאַן, נאָכדעם עס אליין״; „ווען ס׳קומען צו דיר אָרימע קרובים נעם זיי אויף ווי די נעמסט אויף גרויסע גבירים״; „האָב ליב אלע מענטשן אָן אויסנאם״; „באַצאָל מיט גוט פאר שלעכטס״.

מיר קינדער, האָבן ניט פארשטאנען ווי וויכטיג און הויך איז דאס מאָראל פון רש״י. איינער פון פראָפעסאָר קלויזנערס עלטערן איז געווען זייער באַפריינדעט מיט די משפחה טרייוואש. ווי מ׳האט דערציילט, האט די משפחה טרייוואש זיי געשענקט א מאיאָנטעק (גוט) וואו א טייל פון זייער משפחה האט געלעבט א לאנגע צייט. יוסף קלויזנערס מוטער איז געווען מיין מוטערס זייער א גוטער פריינט און חבר׳טע. זי איז געווען אינטעליגענט און געבילדעט. איך געדיינק ווען יוסף קלויזנער, אלס יונגערמאַן, פלעגט באזוכן מיינע עלטערן אין אלקעניק מיט א 55 יאָר צוריק. איין מיטגליעד פון דער פאמיליע טרייוואש האט פארלאזן אלקעניק, אריבערגעפארן קיין פראנקרייך און זיך אנאָמען געגעבן — דרייפוס (פארגלייך — טרייוואוש), צוליב פאָלגענדע אורזאכן:

ווען נאַפּאָלעאָן איז דורכגעפאָרן אלקעניק אין 1812־טן יאָר, האָט ער זיך באפריינדעט מיט די פאמיליע טרייוואש, וועלכע האבן אים באוויזן די הילצערנע שול. ער האט פון דאנקבארקייט איבערגעלאזן אלס מתנה דעם באוואוסטן „נאפּאָלעאָנס פרוכת״. ווי ס׳איז באקאנט אין דער געשיכטע, האט נאפּאָלעאן פארשפּראָכן די פאליאקן אומאפהענגיגקייט. ווען די פאליאקן האבן רעקרוטירט זייערע לעגיאָנען, האָבן זיי באקומען פיל שטיצע פון די פאמיליע טרייוואש, וועלכע האט אנטייל גענומען אין צוגרייטן דעם אויפשטאנד געגן רוסלאנד. דער אויפשטאנד פון די פאליאקן אין אלקעניקער געגנט איז געווען אין פולן ברען. פיל רוסן זיינען דערטרונקען געווארן אין די זומפּען ארום אלקעניק.

אלעקסאנדער דער צווייטער האט געשיקט קיין

ווילנע און ווילנער געגנט, דעם באוואוסטן גענעראל מוראַוויאָוו, וועמענס אויפגאבע איז געווען אונטער־צודריקן דעם פוילישן אויפשטאַנד.

פיל פוילישע פאטריאטן האבן געענדיקט זייער לעבן אויף די תליות. אויך די פאמיליע טרייוואש, וועלכע האָט געהאט מורא פארן טעראָר פון מוראַוויאָוון, האט אויסגעוואנדערט קיין פראנקרייך, וואו זיי האבן געהאט גוטע פארבינדונגען, און זיך אנאָמען געגעבן דרייפוס.

איינעם פון די פוילישע פאטריאָטן פון יענער צייט, וועלכע האָט געלעבט אין אלקעניק, האָט מען גערופן מיטן נאָמען שלמה. די פאליאקן האבן אים גערופן ליבליך שלמה׳לה. פאר זיין אנטלויפן קיין פראנקרייך האט ער איבערגעלאזן אין אלקעניקער קלויסטער פיל קאסטנס מיט גאָלד, זילבער און ווערט־פולע זאכן.

די רוסן האבן קאנפיסקירט די פאלאצן און זיי פארברענט. אט דער שלמה׳לה טרייוואש איז אלפרעדס דרייפוסעס און מיין מוטערס אן עלטער־זיידע.

מיט איבער 50 יאר צוריק איז געפארן מיין ברו־דער אייזיק ז״ל קיין קאָוונע און באזוכט דעם פעטער נחום לייב טרייוואש, וועלכער איז אלט געווען 91 יאָר און זיין פרוי מלכה ריסע — 93 יאָר אלט, זיי זיינען געווען די לעצטע פון שלמה׳לעס פאמיליע אין קאָוונע. מיין ברודער האט זייער פיל דערציילט וועגן זייער פארגאנגענהייט. זיי זענען געווען זייער רייך און פאַרמאָגט פיל ווערטפולע זאכן.

אין 1934, ווען איך האב באזוכט אלקעניק, האט מיר דערציילט דער פוילישער לערער, א קריסט פון גאליציע, די געשיכטע פון דעם פוילישן פאטריאָט שלמה׳לע, וועלכער האט געלעבט אין אלקעניק, צו־געבנדיק, דאָס אין קלויסטער איז פאַראַן א באזונדער צימער, וואו נאָר דער גלח אליין קען באזוכן. אין דעם צימער ליגט אויף א ספעציעלן פעדיסטאל (עמוד) א בוך. אויף דעם טאוול פון בוך איז אָנגעשריבן מיט גאלדענע בוכשטאבן דער נאמען שלמה׳לע. אין בוך איז פארשריבן, דורך א פוילישן פאטריאָט, די לעבענס געשיכטע און פאטריאָטישע מעשים פון דעם יידן שלמה׳לע. ביי די פאליאקן איז ער פארערכענט אלס הייליקער. די פאָליאקן באטאָנען, אז ער איז געווען זייער ארנטליך און מאָראליש, און ניט קוקנדיק, וואס ער איז געווען א הייסער פוילישער פאטריאָט, האָט זיך קיינער פון זיין פאמיליע ניט געשמדט.

פון דער משפחה ווי געזאָגט שטאמט דער בארימ־טער אלפרעד דרייפוס, וואס זיין פראָצעס האט אויפ־געוועקט די וועלט און וואס אדאנק אים האָט טעאָדאָר הערצל זיך פאראינטערעסירט מיט זייך אייגן פאָלק.

אין דעם קאפיטאן דרייפוס האט געפליסט די בלוט פון זיינע אורעלטערן, פוילישע פאטריאָטן און מילי־טער לייט, וועלכע האבן געלעבט אין אלקעניקער פאלאצן, און זייער פאמיליע איז געווען טרייוואש.

מיין זון זעצט נאָך פאָר די טראדיציע פון דער משפחה, און האָט פיל מיטגעהאלפן די פוילישע אפי־צערן אין דעם לעצטן וועלט קריג.

**רחל סרדוף־דבורצין**



אגרופע פון אלקעניקער יוגענד אויפן ברעג מערעטשאנקע 1923

# דאס אומקום פון אלקעניק

אַט וואס מיין ברודער לייזער, וואס האָט זיך צום גליק געראטעוועט, האָט מיר דערציילט:

זונטאג, דעם 21 יוני 1941, זיינען די דייטשע בארבארן באפאלן אלקעניק. שלמה פערעצעס הויז האט זיך אָנגעצונדן פון איין עקספלאָדירטן אויטאָ מיט בענזין, וואָס האָט דערהארגעט בלויז 3 דייטשן, און דערפאר האָבן די נאציס אָנגעצונדן גאנץ אָלקעניק. ס׳זיינען פארבליבן בלויז חיים כהנ׳ס, זוביסקיס, פאקאמונסקיס הייזער ביז אונטערן קלויסטער. די אומגליקליכע יידן האָבן קיין אנדער ברירה ניט געהאט ווי זיך צונויפצוקלייבן צו 15—20 פאמיליעס אין איין הויז. דאן זיינען די מערדער געקומען אין די הייזער און האבען אצאל אידן צושיקט פאריכטן די וועגן, און ארום 80 יידן האבן זיי געשיקט ארבעטן אין די קאזארמעס.

אינדערפרי האָבן זיי באפוילן אלע יידן זיך אויסצוטון האלב נאקעט. און זיי האָבן אָנגעוויזן יעדן וואס צו טון. דאן האָבן זיי באפוילן די יידן לויפן צו דער ארבעט, און אז זיי זיינען געלאפן האט מען זיי געשלאָגן מיט גומענע שטעקנס. אזוי האָבן זיי געארבעט ביז ארום 12 בייטאָג. נאָכדעם האָבן די נאצישע בעסטיעס געטריבן די יידן עסן מיטאָג, זיי האבען די יידן אויסגעשטעלט אין רייען נעבן זייערע זאכן, און דאן זיי באפוילן זיך אויסצוטאן אינגאנצן נאקעט.

אזוי ווי אין יענעם געגנט איז פאראן אבלאטיקער טייכל גאלוזשע, האָבן די נאציס געצוואונגען די יידן ארייַנצוגיין אין בלאָטיקן טייכל מיטן קאָפּ אראָפּ, און ווען זיי האָבן זיך אויפגעהויבן שמוציקע פון בלאָטע — האבן די רוצחים אנגעהויבן פאטאגראפירן די אומגליקליכע. נאכדעם האבן זיי גענומען באשפריצן די קרבנות מיט וואסער פון פייערלעשער מאַשינעס כדי אראָפּצושווינקען די בלאָטע פון זייערע פארוואונדעטע קערפערס. דער רעזולטאט איז געוויזן אשוידערליכער. ביי אייניגע האט געפלאצט דער אויער־פויק און זיי זיינען געווארען טויב. אנדערע האבען געקראגן צובראכענע ריפן און אזוי פארקריפלט געווארן, אז זיי זיינען שוין געלעגען קראנק ביז זייער מארטירערטויט. נאָך די פייניקונגען האָבן די בלוטדורשטיקע בעסטיעס צונויפגערופן די אָרטיקע שקצים, אין פילסודסקי׳ס הויז און האָבן זיי דאָרטן געלערנט ווי אויסצושיסען די יידן.

זונטאָג, ערב ראש השנה, ארום 6 א זייגער אין דער פרי האט מען צוזאמענגעטריבן אלע יידן אין פילסודקי׳ס הויז. אלע מענער און פרויען פון אָלקעניק און די אומגעגנט זיינען ארויסגעטריבן געוואָרן צום טויט־מארש קיין איישישאָק.

דער ערשטער קרבן איז געווען חיים גרש. ער האָט שוין קיין כוח ניט געהאט צו גיין שנעל, האבן איהם די נאציס דערשאסן. דער 2־טער קרבן איז געווען שלמה בראז, וועלכער איז אויך שוואך געווען גייענדיק, האָבן די מערדער איהם דערשאָסן ניט ווייט פון איישישאק. מען האט אים דארט באערדיקט אויפן וועג לעבן נעזדזיעל.

אלע מענער וואס זיינען געקומען פריער פון זייערע פרויען קיין איישישאק, האבן די נאציס פאַרשפארט אין א שייער. און מען האָט זיי דאָרט געהאלטן ביז מאנטאג, ווען מען האט געבראכט אויך די פרויען.

דערנאך האט מען זיי אלעמען צוזאמענגעטריבן אין די שולן, און פון די שולן האָט מען דינסטאָג זיי אלעמען ארויסגעטריבן אופן פערד מארק, דאַן איז געקומען די ברוטאלע פאָליציי וואָס האָט ארומגערינגלט די אומגליקליכע יידן פון אלע זייטן.

דאן האט זיך אנגעפאנגען די בלוטיקע שחיטה. פון דאנערשטאג פרי האט מען אונזערע טייערסטע געהאלטן אין שעכטן גרופנווייז אגאנצן טאג. און פרייטאָג האָבן די פון בלוט־באזויפענע מערדער פארענדיקט די שרעקליכע שחיטה. די קליינע עופה׳לך האָבן זיי באגראָבן לעבעדיקערהייט, און די גרעסערע קינדער — דערשאָסן צוזאמען מיט זייערע מוטערס. די פרויען ליגן נעבן מאגילניק.

דער יארצייט נאך די מענער איז 4 טאג אין תשרי, און דער יארצייט נאך די פרויען — 5 טאג אין תשרי.

**לייזער שטראָף**

(דערציילט דורך זיין שוועסטער אין אמעריקע)

# וואו אטאג וואו אַ נאכט

דעם 22־טן יוני 1941 יאָר, ווען עס האָט אויסגעבראכן די מלחמה צווישן רוסלאנד און דייטשלאנד, האָב איך געוואוינט אין ליטע, אין א שטעטעלע בוטרימאנץ. 24 שעה נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה זיינען אָנגעקומען די דייטשישע רייען אין שטעטל, אָן קיין שום ווידערשטאנד. אנדערע אידן, וועלכע זיינען אוועק אין דער ריכטונג צו רוסלאנד, האבן זיך געמוזט אומקערן, ווייל די דייטשן האָבן שוין געהאט פארנומען אלע וועגן. אזוי ווי דער פראנט האט זיך דערווייטערט צו מזרח און דייטשישע מיליטער זיינען שוין אין שטעטל ניט געווען, האט איבערגענומען די מאכט די ליטווישע אדמיניסטראציע. זיי האבן אנגעהויבן ארויסגעבן פארשידענע גזירות קעגן דער אידישער באפעלקערונג. זיי האָבן באשטימט צוואנג־ארבעט פאר פרויען מיט מענער און קינדער, און יעדערער האט געמוזט טראגן דעם געלן צייכן.

עס האט לאנג ניט געדויערט, און עס האט זיך אָנגעהויבן די רויבערייען און מערדערייען אין די נעכט. שפעטער אביסל האט מען אנגעהויבן אויפנעמען אלע יונגע מענשן און זיי אוועקשיקן אין א אומבאקאנטע ריכטונג, פון וואנען קיינער פון זיי איז ניט צוריק געקומען.

איך האָב געזען, אז דער באָדן ברענט אונטער די פיס, האב איך זיך איינגעבעטן ביי א באקאנטן קריסט, וואס פלעגט ארבעטן ביי אונז, ער זאל מיר אוועקפירן צו מיינע עלטערן אין אלקעניק, וואו עס איז נאך געווען שטילער. פארשטייט זיך, אז עס איז ניט געווען פון די לייכטע זאכן אריבער צו פארן פון איין שטעטל אין א צווייטע. פאר אידן איז עס געווען פארבאָטן. אלץ האָט געדראָט מיט טויט. נאָר וואס האב איך געהאט צו פארלירן, אין דער צייט ווען אין בוטרימאנץ פלעגט מען יעדע נאכט אויפנעמען גאנצע פארטיעס מענשן, יונג און אלט, און זיי שיקן אין א אומבאקאנטע ריכטונג. איך האב ניט געוואָלט מערווארטן. און דער באקאנטער קריסט האָט זיך אָנגענומען מיר אוועקצופירן קיין אָלקעניק. מיר האָבן זיך דערוואוסט, אז אין אָלקעניק זיינען נאָך פאראן אידן. איך האָב זיך פארשטעלט פאר א קריסטן, אָנגעטאָן קריסטלעכע בגדים. דעם וואָגן האָט דער קריסט א ביסל פארמאסקירט און מיר געפירט אלס זיינע א פריינט, א קראנקע, צו א דאָקטאָר (א „שעפטון” וואס „פאררעט” קראנקע). אין פאל ווען פאָליציי שטייט אויף די וועגן וועלן זיי נישט דערקענען, אז ער פירט א אידישע פרוי.

אויפן וועג קיין אָלקעניק בין איך דורכגעפאָרן די שטעטעלע האנישאק. די שטעטעלע איז שוין געווען ריין פון אידן. זי געפינט זיך אומגעפער 21 קילאָמעטער פון בוטרימאנץ. ווייזט אויס, אז די ליטווישע מערדער פון האנישאק האבן זיך צוגעאיילט מיט די שחיטה אויף די דארטיקע אידן, נאך פריער ווי אין בוטרימאנץ. דורכמאכנדיק אויפן וועג גרויסע שרעק, בין איך אנגעקומען אין סעלאָ־דעקשניע, אסאך איינוואוינער פון אלקעניק האבן זיך געפונען אין סעלא, ווייל אלקעניק איז געווען אינגאנצען אפגעברענט. אזוי ווי מיינע עלטערן האָבן געוואוינט אין אָלקעניק, בין איך פון סעלאָ אועק צופוס קיין אָלקעניק. דאָס איז געווען 14 טעג פאר דער גרויזאמער שחיטה. אונזערע אָלקעניקער אידן זיינען געווען גאנץ נאאיוו, און ניט געגלויבט דאָס, וואָס כ׳האב דערציילט וועגן בוטרימאנץ און וועגן דערבייאיקע ליטווישע שטעטלעך. איך האב דאך שוין געוואוסט, וואס עס דערווארט אונז און אז אונזער גורל איז א שרעקליכער.

אזוי זיינען פארביי־געלאָפן 2 וואָכן. איך בין פארשטייט זיך, געווען אויסבאהאלטן, ווייל פאר אריבערפאָרן פון איין שטעטל אין א צווייטע האָט געדראָט דער טויט.

אין דער נאכט פון ערב ראש־השנה האבן מיר דערפילט, אז עס גרייט זיך וואָס אויף אונזער שטעטל. ס׳זיינען געווען אייניקע קריסטן וואס האבן געווארנט מען זאל זיך צולויפן וואו נאר מען קען, וואו מען לאזט נאך אידן זיצן רואיק. און מען זאל ארויספארן באצייטנס און ניטווארטן אויפן לעצטען מאָמענט. אסאך יידן האָבן ניט געוואָלט גלויבן. אייניקע האָבן געזאגט: וואו פארט מען, וואו זאל מען לויפן? אנדערע האבן אנגעפאנגען גרייטן זיך צום ראש השנה.

און טאקע די נאכט פון ערב־ראש־השנה זיינען מיר אנטלאפן פון אלקעניק אין דער ריכטונג צו דעם טייך סאָלצע.

דורכלויפנדיק די שטעטל אין דער פינסטער, האט זיך געוואלט צוגיין צו די שטיבער, א קלאפ טאן אין די טירן און זאָגן: יידן, קומט, לאָמיר זיך דערווייל ראטעווען און ארויסגיין פון שטעטל! נאר מען האט שוין געהערט שיסערייען פון פארשידענע זייטן. דאָס האָט באדייטעט, אז די שטעטל איז ארומגערינגלט, קיינער זאָל נישט קענען אנטלויפן.

די פינסטערקייט איז געווען אין דער נאכט גרויס; מיר זיינען דערגאנגען ביז סאלצע און צוגעקומען צו

יקותיאל דעם סאָלצער׳ס שטוב. מיר האָבן געוואָלט א קלאַפּ טון אין פענצטער, בכדי מיר זאָלן כאַטש אים קענען אָנזאָגן און לויפן צוזאמען. פלוצלינג האָבן מיר דערזען דורכן פענצטער פּאָליציי, וועלכע זיינען אים געקומען זוכן און זאָגן ער זאָל קומען באלד אויפן מארק, וואו מ׳וועט אויפקלייבן אידן און שיקן אויף ארבעט.

מיר האבן זיי אויסגעמיטן, און מיר זיינען אוועק ליינגאויס מיטן טייך. איבער סאלצער בריק האט מען שוין ניט געקענט גיין, ווייל ער איז שוין געווען באַוואַכט פון פּאָליציי. מיר זיינען אפּגעגאנגען אומגעפער א האלבן קילאמעטער פון בריק און מיר האבן באמערקט אז אויפן טייך שווימען קלעצער. דאָס האָט אונז א סאך געהאָלפן. איבער די קלעצער האָבן מיר געקענט בעסער אריבערגיין אויפן צווייטן זייט טייך. אריבערגייענדיק דעם טייך, האָבן מיר דערהערט ביקסן שיסערייען אין שטעטל, וועלכע האָבן אָנגעוואָרפן אויף אונז א גרויסן פחד. מיר זיינען געווען זייער מיד און צוטומלט. ביז פארטאָג זיינען מיר אנגעקומען אין א דאָרף, וואו מיר האבן זיך אריינגעגנב׳עט אין אנ׳אפענעם שייער. ווי עס האט גענומען טאגן, איז דער קריסט אריין אין שייער און האט אונז דערזען צעשראקענע דורכגענעצטע. דער קריסט האט אונז געטריבן פון שייער און געדראָט, אז ער גייט ברענגען פּאָליציי, אויב מיר פארלאזן ניט דעם שייער.

ווען עס איז פינצטער געווארן אין אוונט, זיינען מיר אוועק פון קריסט, און אין דער פינצטערניש פון נאכט זיינען מיר געגאנגען אזוי לאנג, ביז מיר זיינען דערגאנגען אין ראדון. דארטן האבן מיר זיך דערוואוסט דעם ביטערן גורל פון אונזערע אלקעניקער און איישישאָקער יידן, אזוי ארום זיינען מיר פארבליבן אין ראדון. ראדון האט געהערט צו ווייסרוסלאנד מיט א אנדער געביטסקאָמיסאר, מיט א צייטווייליקן אנדערן געזעץ ווי אין ליטע.

אין ראדונער געטא האבן מיר זיך געטראפן מיט אייניקע אלקעניקער יידן, ווענען ס׳איז אויך געלונגען צו אנטלויפן פון דער שחיטה.

אין דעם ראדונער געטא בין איך פארליבן ביי 8 מאנאטן, ביזן 10־טן מאי 1942. דא האב איך דורכגעלעבט זייער פיל צרות, הונגער און טויט־שרעק. יעדן טאג האט מיר געדראט דער טויט, דאס לעבן אין ראדונער געטא איז א באזונדער בלעטל אין אונזער טרויעריקער בלוטיקער היסטאריע.

מיר איז געלונגען צו אנטלויפן פון ראדונער שחיטה, ניט וויסנדיק אז דער פאטער, ברידער און שוועסטער מיינע זיינען אויך געלאָפן. נישט קענענדיק יענעם געביט און לויפנדיק איבער פעלדער און וועלדער, האב איך פארבלאנדזשעט אין א דארף מיטן נאמען לעבעדניק.

פונקט האָב איך אָנגעטראָפן אויף גוטע קריסטן, וועלכע האָבן אויף מיר רחמנות געהאט און דערלויבט אריינגיין אין שטוב און געגעבן עפּעס עסן. פארטאָג האב איך געמוזט פארלאזן די שטוב, און אזוי האב איך ווידער גענומען בלאָנדזשען דורך פעלדער און קוסטעס, אין ניט קיין באקאנטער געגנט.

אזוי בלאנדזשענדיק אין וועג, האב איך אנגעטראפן א פויער מיט א וואגן, מיטן נאָמען פראנעק באכטאסעוויטש. דער קריסט האט מיר דערקענט, אז איך בין א אידישע און האָט מיר געהייסן ארויפגיין אויפן וואגן, האט מיר פארמאסקירט מיט שטרוי, כדי מען זאל ניט דערקענען ווען ער פירט.

אזוי בין איך אָנגעקומען צום קריסט אין שטוב. די פאמיליע איז באשטאנען פון א מאן מיט א פרוי און 5 קינדער. פארשטייט זיך, אז פארן פויער איז דאָס געווען א גרויסע ריזיקע מיר צו האלטן אין שטוב. דער קריסט און זיין פרוי זיינען געווען זייער גוט צו מיר, און אזוי האבן זיי מיר געהאלטן 6 מאנאטן. נאך א האלב יאר, זייענדיק ביי די קריסטן, איז פלוצלונג אריינגעגאַנגען א דערבייאיקע שכנה און האט מיר דערקענט. פארשטייט זיך, אז פאר מיר איז שוין קיין אָרט דאָרט ניט געווען, און טאקע די זעלבע נאכט האָב איך געמוזט פארלאָזן די גוטע קריסטן און איך בין אוועק אין דער ריכטונג צו נאטשער פּושצ׳ע. אויפן וועג האָב איך אנגעטראפן א גרופּע יידן, וואס זיינען אויך געגאנגען אין די זעלבע ריכטונג. אזוי זיינען מיר אנגעקומען אין וואלד, וואו ס׳זיינען געווען קאנצענטרירט פארשידענע גרופּעס פארטיזאנער. אויך אין וואלד איז אונזער לעבן געווען שטענדיק אין סכנה פון צווי שטאנדפונקטן. ערשטנס: די בלאָקאדע וואָס די דייטשן האבן געפּלאנעוועט צו מאכן אין דער נאענטסטער צייט אויף די וועלדער פון נאטשע. צווייטנס, האט אונז געדראט א סכנה פון די רוסישע פארטיזאנער גופא, וועלכע זיינען באשטאנען פון פארשידענע כוליגאנעס. איבערהויפּט האט געדראט א סכנה די פרויען.

איך האָב געזוכט א וועג ווי צו פארלאָזן דעם וואַלד, כדי אָנצוקומען אין מארציקאנץ, וועלכע האט זיך געפונען אין דריטן רייך, דאָרטן האָבן זיך נאָך געפונען יידן, וועלכע לעבן אין פארמאכטע געטאָ׳ס און דארטן האבן זיך געפונען מיין פאטער, שוועסטער און ברידער.

צוזאמען מיט נאך יידן האט אונז א פויער געפירט אין דער ריכטונג צו מארציקאנץ. דאס איז געווען אין נאוועמבער 1942. די שטרעקע פון 50 קילאמעטער האבן מיר דורכגעמאכט אין 2 נעכט, ווייל בייטאג איז געווען אונמעגליך צו גיין און אזוי זיינען מיר דערגאנגען באגינען בין מארציקאנץ.

דערווייל האָט זיך דערוואוסט מיין פאָטער אז איך לעב און געפין זיך אין מארציקאַנצער געטא. זייענדיק 3 טעג אין געטאָ, איז פלוצלינג דער געטאָ ארומגע־רינגלט געווארן פון דייטשן און ליטווישע פאליציי. מען האט גענומען באשיסן מיט מאשין־געווער די אידישע הייזער. מארציקאנצער יידן האבן זיך באצייטנס באזארגט מיט בונקערס ביי זיך אין די הייזער, און א טייל יידן האבן זיך פארשטעקט אין די בונקערס, איבערווארטנדיק די שיסערייען. אין דער נאכט, ווען עס זיינען שטילער געווארן די שיסערייען זיינען מיר אנטלאפן אין די וועלדער.

געלאפן זיינען מיר אָן קיין ריכטונג, צעטומלטע און צעשראקענע. מיר האבן אין וואַלד אנגעטראפן אויף א גרופע יידן פון פאַרעטשע, א נאנטע שטעטל, וואס זיי איז געלונגען צום אנטלויפן, ווען מען האט בעשאסן פארעטשער געטא. אין דער גרופע יידן האט זיך אויך געפונען מיין פאטער. ער האָט פארלארן ביים אנטלויפן מיינע שוועסטער און ברידער, וועלכע זיינען די גאנצע צייט געווען אין פארעטשער געטאָ.

מיר זיינען געווען א גרופע פון 40 מאַן. מיר האבן באשלאסן צו בלייבן צוזאמען אין וואַלד און מאכן א פייער, כדי א ביסל זיך צודערוואַרעמען. עס איז שוין געווען פארטאג. פלוצלינג האָבן מיר דערזען פאר זיך דייטשע ס. ס. לייט מיט ליטווישע פאָליציי, וועלכע קומען אָן מיט א „צעפ״ (קייט) כדי אונז ארומצורינגלען. מיר האבן אלע אנגעהויבן לויפן, יעדער אין א אנדער ריכטונג. די באַנדיטן האָבן געעפנט אויף אונז א שיסעריי פון ביקסן. פאר מיינע אויגן זיינען געפאלן די יידן איינע נאך אנדערע. פון די געפאלענע האב איך דערקענט רבקה מאגאדאווסקי פון ארזאָן, און פלוצלונג האב איך דערפילט אז פון מיר גיסט זיך בלוט. און אזוי ווי איך לויף, באגיסנדיק זיך מיט בלוט, איז מיר פארלאָפן די וועג א ליטווישער פאָליציאנט מיט א אָנגעשטעלטן ביקס.

צו מיין גליק האט דער ביקס ניט פונקציאנירט, און ניט האָבנדיק מער קיין קוילן, האָט ער מיר דערלאנגט מיט דער קאלבע פון ביקס אין קאפ, און איך בין אנידער געפאלן. דער ליטווינער האט געמיינט אז איך בין טויט. איך האב אויפגעכאפט די ווערטער וואָס ער האָט געזאָגט: „מיט דער שלאנג האָב איך שוין פארענדיקט״. אין דעם מאָמענט איז אים אָנגע־לאפן נאך א קרבן, א פרוי, וועלכע ער האט אוועקגע־פירט א לעבעדיקע. דערווייל קומענדיק עטוואס צו זיך האב איך דערשפירט אז איך לעב. כ׳האב זיך געפרובט שטעלן. איך בין אין גאנצן געווען באגאָסן מיט בלוט. כ׳האב אנגעהויבן צו גיין אין א ריכטונג וואו עס האט זיך געהערט פונדערווייטנס דאס בילן פון א הונט. אפגייענדיק א ביסל צייט. האב איך זיך אנגעשטויסן אויף די באן־ליניעס. די נאכט איז געווען זייער א פינצטערע און איך וויים ניט פון וואנעט עס האָבן זיך ביי מיר גענומען כוחות צו גיין. איך בין אריבער די ליניעס און דערזען פון ווייטנס א שיין פון א פענצ־טער. איך בין דערגאנגען ביזן שטיבל און אנגעקלאפט אין טיר. ס׳איז ארויס אנאלטער פויער, און דערזעענדיק אז איך בין א אידישע, האָט ער מיר געוואָרנט, אז איך זאָל זאָפאָרט אוועק גיין צוריק, ווייל ניט ווייט פון אים דרייען זיך ארום ליטווישע און דייטשישע פאטרולן. איך האָב שטארק אָנגעהויבן צו בעטן ביים פויער, ער זאָל מיר כאָטש ביזן טאָג לאָזן זיין ביי אים. כ׳האָב גע־פילט א שטארקן דורשט און דאס בלוט האָט זיך אויף מיר פאַרטריקנט. סוף־כל־סוף האָט דער פויער מיר אריינגעלאָזן אין שטוב. זיין אלטע פרוי האָט אָנגעוואַ־רעמט פאר מיר וואסער און ארומגעוואשן מיינע וואונ־דן. זי האָט מיר דערלויבט ארופגיין אויפן אויוון זיך אָנצוווארעמען.

פארטאג האבן זיי מיר געהייסן פארלאזן די שטוב. זי האט מיר געגעבן א פאר לאַפטשעס אויף די פיס, און מיר געוויזן אין וועלכע ריכטונג צו גיין. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז דער ליטווינער, וועלכער האט מיר פארוואונדעט, מיטן נאמען לייקונאס, איז א שכן פון די אלטע קריסטן.

אָפגייענדיק 10 קילאָמעטער, בין איך אָנגעקומען צו א גוט באזיצער אדאמאוויטש, דארטן האב איך אנגע־טראפן אויף זייער פריינטלעכע מענטשן, וועלכע האבן זיך פארנומען מיט אויסצוהיילן מיינע וואונדן פון קאָפ און פון האנט. איך בין ביי זיי אפגעווען אייניקע טעג. שפעטער בין איך אוועק צו דעם קריסט בארטאסעוויטש, וואס איך בין שוין ביי אים געווען, און דארט געטראפן מיין פאטער. פארשטייט זיך, אז קיין לענגערע צייט האָט מען שוין ביי דעם פויער ניט געקענט פארבלייבן, האבן מיר אנגעהויבן וואנדערן פון איין ארט צום צווייטן.

דערווײלע האָבן זיך אָנגעהויבן באווייזן פוילישע פארטיזאנער, די אזוי גערופענע „ווייסע פאָליאקן״. אזוי ווי פון די דייטשן האט אונז ניט געדראָט קיין פארניכטונג, ווייל זיי זיינען געווען פארנומען מיט זייערע מפלות, האָבן די ווייסע פאָליאקן אָנגעהויבן צו זוכן און פארניכטן יידן און געדראט די פויערים מיט פארניכטונג, אויב זיי וועלן אויסבאהאלטן יידן. אונזער לאַגע איז געוואָרן וואָס ווייטער ערגער. וואו א טאָג און וואו א נאכט האב איך אנגעהויבן וואנדערן מיט מיין פאטער פון איין פויער צום צווייטן.

דאס איז שוין געווען 3 חדשים פאר אונזער באפרייאונג, האבן מיר זיך אנגעשטויסן אויף א גוטן פויער, אין דער געגנט פון אלקעניק, וועלכער האט אויף אונז רחמנות געהאט און האט אונז דערלויבט

בלייבן ביי אים אין שטאל אויפן בוידים. דער פויער איז געווען זייער א אָרעמער, וואָס האָט אליין קיין ברויט ניט געהאט. יעדן טאג, שפעט אין דער נאכט, פלעגט מיין פאָטער ארויסגיין זוכן ביי אנדערע באקענ־טע פויערים צו קריגן א שטיקל ברויט. אָנקומען אין יענער צייט צו א פויער — האט געדראט דער טויט, ווייל יעדע ריכטונג איז געווען באוואכט דורך די ווייסע פּאָליאקן. דער דראנג צום לעבן איז אָבער געווען אזוי שטארק, אז אין הונגער און אין טויט־שרעק האבן מיר דאך דערלעבט די באפרייאונג.

דעם 8־טן יולי 1944 זיינען מיר ארויס פון אונזער באהעלטעניש און אנגעקומען אין אלקעניק. דאן האט זיך פאר אונז אנגעהויבן די אמתע טראגעדיע. קומענדיק אין שטעטל האבן מיר קיינעם ניט געפונען, ניט קיין מענטשן און ניט קיין הייזער, נאר דאס אייביקע עדות פון אונזער שטעטעלע אלקעניק, דעם בית־עולם, דעם וואלד, דעם טייך, ליידיקע פלעצער פון די אפגעברענטע הייזער. די פלעצער זיינען שוין געווען באוואקסן מיט הויכע גראז, אויף וועלכע ס׳האבן זיך געפאשעט די קיה פון די שטעטלשע פויערים. דער ערשטער וועלכער האט אונז באגעגנט אין שטעטל איז געווען דער אלטער גלח. עד האָט אונז אָנגעהויבן טרייסטן. מיר זיינען ניט באגייסטערט געוואָרן פון זיינע גוטע רייד. עס זיינען אנגעקומען אונז אנקוקן פיל קריסטן און באוואונדערט וואס מיר לעבן נאך.

אין אייניקע טעג ארום זיינען אנגעקומען אין שטעטל אברהם טייקאן, חיים סאלץ, לייזער שטראף און יקותיאל סאלץ מיט זיין פאמיליע. פון אזא שיינע אידישע קהילה זיינען פארבליבן עטלעכע צעבראָכענע יידן.

אין מיינע זכרונות מוז איך באטאָנען די העלדישקייט פון אברהם טייקאן. ניט קוקנדיק אויף דעם, וואס ער האט געקענט דערפאר טייער באצאלן האט ער אין א זונטאגדיקן טאג דערקענט איינעם א באנדיט, וועל־כער האט אנטיילגענומען אין די מארדן פון די אייזשי־שקער און אלקעניקער יידן. ער האט אים דערשאסן אויפן מיטן גאס, אין די אויגן פון פארבייגייענדיקע קריסטן. דאס איז געווען א נקמה אקט פאר אונזערע פארגאסענע בלוט. צום גרויס באדויערן האט מען מער ניט געקאנט נקמה נעמען. פאר אונזערע אויגן האבן זיך ארומגעדרייט הונדערטער ליטווישע מערדער, ווייל ליידער האט זיי דער געזעץ געשיצט.

אין אונזער שטעטל אלקעניק האבן מיר קיין לייגערע צייט ניט געוואלט פארבלייבן, ווייל עס איז געווען אונמעגליך צו פארבלייבן, דערמאָנענדיק זיך וואס די ליטווישע שכנים האבן פון אונז געמאכט. אפילו אונזערע טויטע, וואס זיינען שוין געשטארבן מיט צענדליקער יארן צוריק, האבן זיי זייערע קברים געשענדעט, און פון די מצבות קעלערס געבויט און אויפן בית־עולם בהמות געפאשעט. מיר האבן פארלאזן אָלקעניק, און אוועק קיין ווילנע, וואו ס׳האָבן זיך מיט דער צייט קאָנצענטרירט מערערע געראטעוועטע יידן, פון פארשידענע שטעט און שטעטלעך. אלעמענס שטרעבונג איז געווען וואס גיכער אנצוקומען אין ארץ־ישראל.

**מרים בן־שמש—ריבאק**

# פון שול אין דער רויטער ארמיי

ווילנע, זונטאג, 22־טן יוני 1941. איך האב זיך געלערנט אין א פאך־שול פאר אייזנבאנער. די שול האָט זיך געפונען אויף דייטשער גאס 9. די פראקטישע ארבעט האָבן מיר געמאכט אין די וואַרשטאַטן פון ווילנער וואקזאל. דעם טאג, זונטאג, ווען די דייטשן האבן באמבארדירט ווילנע, בין איך געווען פריי פון לימודים. ווילנער איינוואוינער זיינען געלאפן איבער די גאסן און געזוכט א באהעלטעניש וואו זיי האבן נאָר געקענט. איך בין געווען אנגעטאָן אין א שול־מונדיר. צו מיטאג בין איך געקומען אין שול. דער קאמענדאנט האט אונז צונויפגעזאמלט און אוועקגע־פירט אויפן ווילנער וואָקזאל, וואו מ׳האָט אונז באשעפ־טיקט מיט פאררוכטן די צעשטערטע באנליניעס פון דער באמבארדירונג. אויף דער נאכט האט מען אונז אוועקגעפירט אויף פאהולאנקע, דאָרט וואו ס׳האָט זיך געפונען די באן־דירעקציע־פארוואלטונג. צו אונדזער גליק האבן מיר שוין אין דער באן־פארוואלטונג קיינעם ניט געטראפן, אלע זיינען זיך צעלאפן.

די גאנצע נאכט, פון זונטאג אויף מאנטאג, האט מען אונז געהאלטן אויף די בופאַלאָווע בערג. מאנטאג פרי, ווען איך האב זיך צוריק געקערט אין שול, איז שוין די פארוואלטונג ניט געווען, און איך בין געבליבן אליין און געמוזט נעמען מיין גורל אין די הענט. איך בין אוועק זען וואס עס מאכט מיין ברודער, וועלכער האט זיך געפונען אין אוניווערסיטעט־שפיטאל אויף אנטאקאל, כדי אים נעמען צו זיך.

צו מיין ברודער בין איך ניט דערגאנגען, ווייל א פאטרול פון דער רויטער ארמיי האט ניט געלאזן גיין אויף אנטאָקאָל־פאספעשקי. בין איך געגאנגען צוריק דורך זאוואלנע גאס און האָב געטראָפן א גערודער,

הונדערטער מענטשן, צעטומעלטע, זיינען געלאָפן וואו זייערע אויגן טראגן זיי. איך האב באגעגנט חברים און חבר׳טעס פון אונזער שטעדטל אָלקעניק, וועלכע האבן געלערנט אין ווילנע. איך האב זיי פארגעלייגט צו גיין מיט מיר אין שול, נעמען און אנטאן מונדירן און גיין פאָרויס מיט די רוסן. איך האָב ניט געהאט קיין לוסט צו גיין קיין אלקעניק. נאר זיי האבן מיר געענטפערט, אז זיי גייען צופוס אהיים אין שטעטל. צווישן די אָלקעניקער, געדענק איך נאָר ישכר׳קע גורעוויץ. ווען איך האב זיך אומגעקערט אין שול, האָב איך געפונען נאָר ביי 500 יינגלעך תלמידים וועלכע האבן ניט געהאט קיין היימען. דער קאמענדאנט האט אונז צוזאמענגעקליבן און האט אונז פארגעלייגט, אז ווער עס וויל, קען גיין צו די עלטערן אהיים. פיל שילער זיינען אוועק אהיים. מיר, א גרופע פון 150 יינגלעך, צווישן זיי אייניקע פאָלאקן, זיינען געבליבן מיטן קאָמענדאנט. מיר האָבן גענומען עסן וויפיל מיר האָבן געקענט, און מאָנטאָג, 3 בייטאָג, האָבן מיר פאר־לאָזן ווילנע, און אוועק צופוס אויף נײַ־ווילייקע.

גייענדיק אויף זארעצ׳יע, איבערן בריקל, האט מען אונז באשאסן. דער קאמענדאנט האט אונז בארואיקט און געזאגט אז מיר וועלן נאר קומען קיין מינסק, און אין א פאר טעג ארום וועט זיך דער קריג ענדיקן.

גייענדיק דורכן ניי־ווילייקע, זיינען אונז באפאלן כוליגאנעס. מיר האָבן זיי פאריאָגט און צעשלאָגן. אויפן וואָקזאל אין ניי־ווילייקע איז אָנגעקומען דער לעצטער מיליטער־צוג. ער האט זיך אפגעשטעלט און געגעבן אונז די מעגליכקייט ארויפצוגיין אויפן באן. דער צוג איז געלאָפן זייער שנעל אזוי ווי פון א שריפה. אין מאלאדעטשניע האבן מיר שוין געזען דעם פייער פון דער ברענענדיקער שטאט מינסק. די גאנצע וועג האט מען אונז באמבארדירט. אזוי בין איך דערפארן ביז מאסקווע.

פון מאסקווע האט מען אונז אפגעשיקט קיין סיזראן. אין סיזראן האב איך געארבעט ביי די נאפט־קוואלן. די ארבעט איז געווען זייער א שווערע. ווידער בין איך אנגעקומען אין א פאך־שול און זיך געלערנט אלס שלאָסער. די שול האב איך געענדיקט אין פארלויף פון 6 מאנאטן. אין יאנואר 1942 האט מען מיר איבער־געשיקט קיין קויבישאוו, וואו איך האב געארבעט אלס טעכניק אין א מיליטערישער פאבריק פון אעראָפּלא־נען. צוזאמען מיט מיר האבן געארבעט ביי 30 יידישע יינגלעך פון ווילנע. די איבעריקע ווילנער האט מען געשיקט אויף ארבעט אין אנדערע פלעצער. מיר האבן געהאלטן די גאנצע צייט שטארקע פארבינדונגען.

פאר דער צייט פון מיין ארבעט אין אעראפלאנען־פאבריק האָב איך באקומען די קאטעגאָריע „בראָן", דאס הייסט אז איך בין באפרייט פון דער ארמיי ביז 1945.

מיר האבן זיך דערוואוסט, אז עס האט זיך געגרינ־דעט א ליטווישע דיוויזיע. אסאך פון מיינע חברים זיינען אנטלאפן אין דער ארמיי. איך און נאך עטלעכע זיינען געבליבן אין פאבריק, ווייל מיר זיינען געווען צו יונג און מען האט אונז ניט מאביליזירט. ביז יולי 1943 בין איך געווען אויפן זאוואד. נאכדעם בין איך אוועק פרייוויליק אין דער רויטער ארמיי. איך האָב זיך געפונען אין באַלאַכנע ביי דער שטאָט גאָרקי (אמאָ־ליקע ניזשני נאָווגאָראָד). פון דאָרטן האָט מען אונז געשיקט אויפן פראָנט ביי וויטעבסק־פאָלאָצק. צוזאמען מיט מיר האָט זיך געפונען יהודה גראבאזעבסקי פון איישישאק. ער האט מיר געזאגט, אז אין דער דיוויזיע איז דאָ איינער פון אָלקעניק. נאָך לאנגע זוכענישן און מיה האָב איך זיך געטראָפן מיט יוסף מאלצמאן, חיים כהנ׳ס און העשל צדוק׳ס אייניקל. אונזער טרעפן זיך איז שווער צו באשרייבן. עס איז געווען זייער א רירנ־דיקס. איך בין געווען צוגעטיילט צום אויסשפיר־באטא־ליאָן, אויף סקי (שניי־גליצערס) נאָכדעם האָט מען מיר איבערגעפירט אין פיעכאָטע (אין פוסגייער באַטאַליאָן). די גאנצע צייט בין איך געווען אויפן פראָנט. איך האב דורכגעמארשירט פיל שטעט און שטעטלעך, אנטייל־גענומען אין די שלאכטן ביי קעלעם, שאוול, קלייפעדא א"א.

## אין שלאכט ביי ליבאווע

אין מאנאט דעצעמבער 1944 בין איך פארוואונדעט געוואָרן. 6 מאנאטן בין איך געלעגן אין מיליטערישן שפיטאל אין סערפוכאָוו, 100 קילאמעטער פון מאסקווע.

אין מאנאט יוני 1945 האב איך זיך צוריקגעקערט קיין ווילנע. איך בין געגאנגען איבער די גאַסן, געקוקט אויף די פנימער פון דורכגייער, אפשר וועל איך דער־קענען וועמען ס׳איז, נאָר צו מיין באדויערן האָב איך קיינעם ניט געטראפן.

אין ווילנער קהילה האט מען מיר געזאגט, אז ס׳זיינען דא אלקעניקער. איך האב אפגעזוכט חיים סאלץ, דוד ריבאק מיט זיין טאכטער מרים, אברהם טייקאן און לייב קאפאנס מיט זיינע זין. אין ווילנע האב איך געלעבט ביז 1957. איך האב זיך דארטן אפט געטראפן מיט לייב פעטלוק, מיט די קאפאנס און מיט אליהו באלאן. אין אלקעניק בין איך געפארן פיל מאָל, געטראָפן יקותיאל סאלץ מיט די פאמיליע און יישיקע פאלוצקי.

## אלקעניק אין 1956

פארן פארלאזן ווילנע בין איך געפארן צום לעצטן מאל זיך געזעגענען מיט מיין שטעטעלע אלקעניק.

שווער צו דערקענען די שטעטל. אַלץ פארלאזן. דער מארק פארוואקסן מיט הויכע גראז. פון דעם געוועזענעם בית־המדרש ביזן בריק איז פוסט. נאר

גריבער זעט מען וואו ס'זיינען אמאָל הייזער געווען. איך בין מיט מיין קליין טאכטערל אוועק אויפן בית־עולם. קיין סימן פון בית־עולם ניט געפונען. אַלע מצבות זיינען ארויסגעריסן, די בוימער אויסגעהאקט.

אזוי בין איך געשטאנען און זיך גוט אויסגעוויינט. מיט א פארביטערטע הארץ האב איך זיך צוריקגעקערט אין שטעטל. איך האב דערציילט מיין טעכטערל, אז דא איז געווען א שטעטעלע מיט יידן און מ'האָט זיי אלעמען אומגעבראכט. זי האָט מיר געבעטן איך זאָל איר ווייזן וואו איז דער קבר פון איר באָבע זיסל, מיין מאמע. מיט טרערן אין די אויגן האָב איך איר אַלץ דערציילט און געוויזן אז עס איז קיין זכר ניטא.

איך בין ארומגעגאנגען מיט מיין קינד אויף די חורבות פון אלקעניק, ערקלערט איר יעדן ארט, וואס עס איז אמאָל געווען, און מיט א צעבראָכענעם געמיט צוריקגעפאָרן קיין ווילנע.

איך האָב פארלאָזן אָלקעניק און ווילנע, נאָר קיינמאָל וועל איך ניט פארגעסן מיין געבורט־שטעטעלע אלקע־ניק מיט אירע טייערע יידן. אין ישראל געפין איך זיך שוין ביי א יאָר צייט מיט מיין פרוי און צוויי קינדערלעך.

חיפה 1959 **חנן בערענשטיין**

# אין שטורעם

## (פראגמענטן פון דער דערציילונג „די האַנט פון נקמה")

### אַן אהיים

פאַרטאָג האב איך, מיט מיין חבר יאשפע, באַשלאָסן זיך צו לאזן אין א צווייטער ריכטונג. אפשר וועלן מיר ערגעץ אין פעלד אנטרעפן עפעס א איינציקן פויער, און מיר וועלן אים פרעגן וואס עס הערט זיך ביי אונז אין די היימען. מיר האָבן זיך פאַרנומען מיטן וועג צו די לייפונער בערג, איבערגעשניטן אונזער פינפטע „פּאָלאָסע" (גרעניץ צווישן איין חלק ערד און צווייטן) און דערזען פונדערווייטנס א ליט־ווינער פון א דארף הינטער אלקעניק. לויפן מיר צו און פרעגן אים: וואס הערט זיך אין אלקעניק?

— ס'איז ניט גוט — ענטפערט ער.

— וואס איז ניט גוט אין אלקעניק?

— מען האט ארויסגעטריבן אלע אידן פון די הייזער און זיי פארשפארט אין די אלקעניקער קאַ־שארן (מיליטער־שטאלן).

— וואס טוט מען מיט זיי דארט?

ווייסט ער ניט, נאָר ער האט געזען, ווי זיי האבן געוויינט, ווען מען האט זיי געטריבן, און ער האט אויך באגעגנט אידן מיט פרויען און קינדער, וואָס מען האט געטריבן פון דער דערבייאיקער אידישער קאלאניע לייפון. (זעקס קילאמעטער פון דעקשניע). וועגן אונזער קאלאניע האבן מיר קיין זאך זיך ניט געקאנט דערוויסן.

און מיר גייען ווייטער. אזוי ווי מיר גייען דערזע איך פלוצלונג ס'פּאַרט דער ליטווינער טאטעאוש באַ־זיס אין מיין וואגן מיט מיין שווארצן פערדל זשוק.

זשוק האט מיך גלייך דערקאנט און אנגעהויבן היר־זשען צו מיר, און אויסגעצויגן זיין האלז צו מיר. דער ליטווינער איז פון שרעק ארויסגעשפרונגען פון וואגן און זיך געלאזט לויפן. האבן מיר אים געהייסן בלייבן שטיין. צו זשוק'ן בין איך צוגעגאנגען און אים אַ גלעט געטאָן איבערן רוקן. ער איז דאָך אַ אייגענער אויסגעהאדעוועטער, ער פלעגט נאכגיין מיין פרוי ווי אַ שטוביק הינטל.

טאטעאוש באזיס איז אויך געווען פון דעם אפּ־געברענטן דארף פוטשקארניע, וואס האט געפונען שוץ און גאסט־פריינטליכקייט ביי אונז אין דער קאלאניע. און דאס האט ער אונז אפגעצאלט אַזוי פאר אונזער גאסט־פריינטליכקייט און צוגערויבט מיין פערד און וואגן.

— „זאג מיר נאר איין זאך, טאטעאוש" — מאך איך צו אים — „וואָס הערט זיך אין אונזער קאלאניע, נאר דעם אמת זאג מיר".

— „דערקולי" — הויבט ער אן מיט א געמאכטן וויינענדיגן קול — „ניעגערעי" (ס'איז ניט גוט).

— ווארום?

— מען האט אלעמען פון דער קאלאניע ארויסגע־טריבן. זיי אוועקגעפירט אין דער ריכטונג פון איי־שישאק.

— ווען?

— נעכטן.

— די פרויען און קינדער אויך?

— יא, אלעמען, קיינער איז ניט פארבליבן, קיינער.

— „הער זיך איין טאטעאושקע" — טו איך אים א כאפ ביים פעלצל — „איך האב איבערגעלאזט אין דעקשניע מיין גאנץ שווער פארהאָרעוועט גוטס, אָבער זיי ווייסן, אז איך וועל נאך קומען צוריק און דאס אפנעמען, מיין וואגן מיט מיין פערדל, וואס דו האסט אוועקגערויבט, אויך".

און מיט די ווערטער האבן מיר זיך גלייך אפּגעטראגן און פאַרשוואונדען צווישן די געדיכטע קוסטעס, און אוועק פון דארטן אין וואלד.

## אין וואלד

אין וואלד זיינען מיר איבערגעלעגן ביז נאכט. און אז ס'איז געקומען די נאכט, פרעגן מיר איינער ביים אנדערן: וואס טוט מען איצטער? זאגט מיין חבר יאשפע:

— אויב מען האט אוועקגעפירט אונזערע פרויען און קינדער אין דער ריכטונג פון איישישאק (ער האט אויך געהאט א פרוי און צוויי קינדער) מוזן מיר נאכפאלגן די זעלביגע ריכטונג.

זאג איך צו אים אזוי: מיר וועלן גיין קיין איישישאק און מיר וועלן זען ארויסראטעווען אונזערע פרויען מיט די קינדער.

האבן מיר זיך געלאזן אין דער פינצטער מיט דער ריכטונג פון די שטערן. מיט די וועגן האבן מיר מורא געהאט צו גיין. געקומען צום טייך מערעטשאנקע, האבן מיר זיך אויסגעטאן נאקעט, צונויפגעבונדן די קליידער און זיי געהאלטן אויפן קאפּ, און מיר זיינען אריבער דאס וואסער. ס'האט שוין אנגעהויבן שאריען אויף טאג, און וואו מיר גייען ווייסן מיר ניט. ענדליך האבן מיר זיך דערשלאָגן צו אַ וועג, וואָס איז געווען דער מיטלפונקט צווישן אלקעניק און איישישאק. מיר האבן באמערקט פונווייטן ס'פארן פורן. האבן מיר זיך תיכף באהאלטן אין די קוסטעס און געקוקט פון דארטן ווער ס'פארט. האבן מיר דערקענט צוויי יונגע ליטווינער פון דעם אפגעברענטן דארף פוטשקארניע, וואס האבן אויך געוואוינט ביי אידן אין אונזער קאלאניע. מיר האבן אויך דערקענט די פערד. איין פערד האט געהערט צו משה גאמבורג, א צווייטער צו אליקום דער שמיד. מיר זיינען ארויסגעשפרונגען פון די קוסטעס, זיך געגעבן א שטעל פאר די פערד, האבן זיי זיך דערשראקן און געבליבן שטיין.

— פונוואנעט פארט איר? — פרעגן מיר ביי זיי.

דערציילן זיי אונז א גאנצע געשיכטע, אז זיי האבן געפירט די קליינע אידישע קינדער מיט די קראנקע מענטשן פון דער קאלאניע קיין איישישאק, און מען האט זיי דארטן אייגעקווארטירט אין די בתי־מדרשים, אין די איישישאקער גמינע־שטאלן און שייערן.

— וואס טוט מען מיט זיי? — האבן מיר געפרעגט — מען פייניקט זיי? מען שלאָגט זיי?

— ניין.

— צעשאסן?

— ניין.

— שווערט זיך!

— קאב אש טיעפּו אן סוויעטו (איך זאל אזוי אויף דער וועלט זיין).

אין וואָס איז די אַלגעמיינע מיינונג פון די אַרומיגע קריסטליכע איינוואוינער?

— אייניקע זאגן, אז מען וועט מאכן אין איישישאק א געטא, אייניקע זאגן, אז מען וועט אייך אוועקשיקן אין א הויף ארבעטן, און אנדערע זאגן, אז מען וועט אייך שיקען קיין לובלין, דארטן מאכט מען א אידישע מלוכה.

איז אונז גלייך געווארן רואיקער אויף דער נשמה.

## וואוהין גייט מען?

ס'איז אונז געווארן רואיקער אויף דער נשמה, אבי מען וועט שוין ניט אויס'הרג'ענען. און דאס איז געווען די גרויסע פארנארונג, ווי מיר וועלן שפעטער זען.

פון אנהויב אן, פון ערשטן טאג, וואס די דייטשן זיינען אריין, זיינען זיי שוין געקומען מיט דעם טייווּליש־אויסגעארבעטן פלאן פון פארנארונג, פארבלענדונג, און אויך מיטגעטיילט דעם פלאן די ליטווישע פאשיסטן.

נאך דעם ערשטן אוונט, ווען די דייטשן זיינען אריין אין דער קאלאניע, האט מיין פרוי, וואס האט געקאַנט ריידן דייטש, א פרעג געטאן ביי איינעם פון די נאציס, וואָס זיינען איינגעשטאנען ביי אונז אין הויז:

— פארוואס האָסט איר אזוי די אידן? די אידן האָבן דאָך אייך קיין שלעכטס ניט געטאָן?

ענטפערט יענער:

— בלויז די אידן, וואָס באשעפטיקן זיך מיט פּאָליטיק, זיי מאכן מיר „ביק" (ווייזנדיק מיט דער האנט צום האלז). מיט וואס באשעפטיקט איר זיך?

— ערד־ארבעטער — האָט מיין פרוי געענטפערט.

— צו אייך האָבן מיר גאָרניט, אייך וועלען מיר ניט אָנרירן.

און טאָג נאָך טאָג איז אָנגעגאַנגען אזוי די פארנארונג. אויב מען האָט צושאָסן א פּאָר אידן פון דער קאָלאָניע, זיינען זיי דאָך געווען טוער ביי די קאָמוניסטן. און די אידן, וואָס האָבן גאָרניט געהאט צו טאָן מיט די קאָמוניסטן, האָבן געטראכט, אז זיי מיינט מען דאס ניט.

אָבער ווי קומט עס, וועט איר פרעגן, וואָס אזוינע געזונטע שטארקע אידן, ווי ביי אונז אין דער קאָלאָניע, האָבן געלאָזט זיך ארויספירן מיט די פרויען און קינדער? האָבן זיי דען ניט געוואוסט, אז מען פירט זיי צו דער שחיטה?

— זיי האָבן ניט געוואוסט — זאָג איך אייך.

— אָבער — וועט איר זאָגן — זיי האָבן דאָך געזען, אַז מען פירט זיי ניט דאָס מאָל צו דער ארבעט? זיי

האָבן דאָך געזען, אז דאָס מאל זיינען געקומען די ליטווישע שאַוליסטן („שיסער", האלב־מיליטערישע פאָרמאציע) אין גרעסערע מחנות, ווי פריער? זיי האָבן דאָך געזען, אז מען פירט זיי ווייטער פון אָל־קעניק?

זאָג איך אייך, אז זיי האָבן ניט געוואוסט ביז אין דער לעצטער מינוט. מען האָט געמיינט, אז מען פירט דאָס מאָל אויף ארבעט, נאָר ווייטער פון אָלקעניק.

— ווער איר פרעגן: פאַרוואָס זשע האָב איך געוואוסט?

ענטפער איך אייך טאקע: איך האָב געוואוסט און ניט געוואוסט. אָט זעט איר דאָך, ווען די יונגע ליט־ווינער האָבן מיר געזאָגט, אז זיי האָבן געהערט, אז מען וועט אָדער מאכן א געטאָ אין איישישאָק, אָדער אוועקשיקן קיין לובלין, איז מיר געוואָרן רואיקער אויף דער נשמה... אפשר האָב איך געוואָלט ס'זאָל מיר ווערן רואיקער אויף דער נשמה. איך בין געווען שוין אויסגעשעפּט, פארהונגערט. דריי טעג אין מיין מויל ניט געהאט, די ביינקשאפט נאָך ווייב און קינד האָט מיר צוריסן דאָס האַרץ, און איך האָב זיך אויך געלאָזט אריינגנארן פון טויט.

...מיר האָבן זיך געלאָזט ווייטער גיין, איך און מיין שוואגער יאָשקע יאשפע. מיט יאנקעלע גאמבורג און יאשקע פּוטשקארני האָבן מיר זיך צעשיידט נאָך מיט צוויי טעג פריער, זיי האָבן זיך געלאָזט אין אַ אַנדער ריכטונג.

פון די ארומיקע ליטווישע דערפער זיינען געפאָרן פורן קיין איישישאָק, אזוי ווי אויף א יאריד, און דאָס איז גארניט געווען קיין גוטער סימן. אָבער מיר האָבן זיך געלאָזט ווייטער גיין. אָנקומענדיק פאר איישישאָק, האָבן מיר אָנגעטראָפן אָלקעניקער פורן מיט פּוילישע מיעשטשאנעס (שטעטלשע בירגער). די פּוילישע מיעשטשאַנעס האָבן אונז געוואָרנט און געזאָגט:

— וואוהין גייט איר? מען מאַכט דאָך דאָרטן אַ בוינע פון אייך?

זיינען מיר געווען טויב צו דער וואָרנונג, און ווייטער געגאנגען. אריינגעקומען אין איישישאָק, האָבן מיר גע־זען שאוליסטן אויף טריט און שריט, אָבער זיי האָבן אונז ניט אָפּגעשטעלט און מיר האָבן זיך געלאָזט צו די גמינער שייערן און שטאלן, וואו מען האָט אונז געזאָגט, אז די פרויען און קינדער זיינען דאָרט פאר־שפארט. האָט מען מיר און מיין שוואָגער יאָשקע יאשפע אויך פארפאקט. ווי נאָר מיר האָבן זיך באוויזן אויפן הויף, האָט אונז די וואך געכאפּט, גוט אָנגעשלאָגן און אריינגעוואָרפן אין שטאל.

## אין איישישקער שטאַלן

אין שטאל האָב איך דערזען מיינע שכנים פון דעקשניע, פון אָלקעניק, פארפינצטערטע, פאר'חושכ'טע, מען זיצט אויף דער ערד און מען וויינט.

מיין פרוי און מיין מיידעלע, האָב איך זיך גלייך דערוואוסט, זיינען ניטאָ צווישן זיי. זיי זיינען צוזאמען מיט אנדערע פרויען און קינדער פארשפארט אין איי־שישקער בית המדרש.

און דאָ לויפן צו מיר צו פישקע אראָנאָוויטש, און אברהם יצחק פּוטשקארניק און רייסן מיר אראָפּ דעם קאָלנער פון מיין פעלצל, דערקלערנדיק מיר, אז די שאַוליסטן, ווי זיי דערזעען א גוט ניי פעלצל, נעמען זיי דאָס אראָפּ. מיט א אָפּגעריסענעם קאָלנער וועט שוין מיין פעלצל אויסזען ווי א אלטס. אויך הייסן זיי מיר אָפּשניידן די כאָליעוועס פון די שטיוול, כדי זיי זאָלן אויסזען ווי צעריסענע.

דאָס איז געווען דינסטאָג דעם 22־טן סעפּטעמבער, 1941.

איז וואָס זשע טוט מען? ווי אזוי דערשלאָג איך זיך צו מיין פרוי און קינד? און וואו איז מיין טאטע? קאָן קיינער מיר ניט ענפערן. וואו איז מיין טאטע?

— ס'געפעלט מיר ניט דער גאנצער שפּיל — רוף איך זיך אָפּ צו די אידן אין שטאל. — לאָמיר אונטערגראָבן די פארמורואוקע (פונדאמענט) און ארויס־ווארפן די שטיינער ביינאכט, זיך ארויסרייסן און אוועק־גיין אין וואלד.

גייט צו מיר צו גלייך יחיאל קאַגאַנאָוויטש א אָלקעניקער בעל הבית, דער גבאי פון שול, און רופט זיך אָפּ צו מיר:

— זאָלסט מיר פאָלגן און ניט מאכן קיין פאניק. איך האָב באקאנטע קריסטן און זיי האָבן מיר געזאָגט, אז מען מאכט א געטאָ און מיר וועלן זיין אין געטאָ. און א חוץ דעם דארפן מיר זיך ניט צעשיידן מיט אונזערע פאמיליעס, ווייל ווער ווייסט צי מיר וועלן זיי נאָכדעם קאָנען טרעפן צוריק.

און נאָך אים האָבן זיך אנדערע אָפּגערופן:

— וואוהין לויפט מען? דער גזלן איז דאָך אומעטום.

איז אָנגעקומען די נאכט. דער אָלקעניקער רב האָט זיך געשטעלט זאָגן תפילות, געוויינט ביי „אבינו מלכנו". ס'האָט אונז אלעמען געשניטן די הערצער. מיר האָבן אלע געוויינט.

ביינאכט איז אריין א שכור'ע באנדע שאוליסטן מיט באטערי־לעמפלעך, יעדן איינעם אריינגעלויכטן אין די אויגן און באטראכט די זאכען, וואָס מען טראגט. וואָס זיי איז געפעלן, דאָס האָבן זיי אראָפּגעריסן.

לייב אזערליאנסקי און זיין העלדישער זון משה'קה אזערליאנסקי — א באוואוסטער שטארקער בחור, א הויכער מיט ברייטע פּלייצעס — האָבן ניט געלאָזט פון זיך אראָפּרייסן די שטיוול, זיך געכאַפּט שלאָגן מיט די שאוליסטן, אָבער זיי מיט די אויטאָמאַטן האָבן

געהאַקט אין די קעפּ אריין. זיי פאַרטויבט און אראָפּ־געריסן ביי זיי די שטיוול. איז אוועק איין פּאַרטיי שאוליסטן, געקומען א צווייטע און אויך געריסן די פעלצלעך, די קורטקעס, וואָס נאָר זיי האָבן געוואָלט. און דאָ האבן זיך דערהערט הארצרייסנדיקע קולות פון די זייטיקע שייערן, וואו דאָרטן זיינען געווען איינ־געשפּאַרט פרויען און קינדער. דאָס האָבן די שאוליסטן זיי געשענדעט.

## אויפן איישישקער מארקפּלאַץ

קוים דערלעבט דעם טאָג. אינדערפרי באַמערקן מיר דורך די שטשולינעס (שפּאַלטן פון די ווענט), ווי ס'זיינען אָנגעפאָרן פורן מיט קרובים פון די שאוליסטן, און די שאוליסטן האָבן געלאָדן אויף די וועגענער זעק מיט אָנגעראַבעוועטע זאַכן. בייטאָג זיינען אָנגעפאָרן זייער פיל ליטווישע פּאָליציי מיט שאוליסטן, זיי האָבן גע־עפנט די טירן פון די שטאַלן און געהייסן אלעמען זיך שטעלן צו פיר מאַן אין א ריי. זיי האָבן אָנגעצילט זייער מאַשין־געווער אַנטקעגן אונז, געמאַכט אַ גע־דיכטן קאָרדאָן און האָבן אונז געפירט איבער איישי־שאָק. פון די הייזער זיינען ארויסגעלאָפן די פּוילישע איינוואוינער און געקוקט, ווי מען פירט אונז, און ווער ווייסט וואָס זיי האָבן געטראַכט, קוקנדיק אויף אונז.

ס'איז געווען זייער א שיינער טאָג, ס'האָט געשיינט די זון. דער הימל איז געווען ריין און קלאָר. ס'האָט זיך ניט געגלויבט, אז אין אזא שיינעם טאָג פירט מען אונז הרגענען.

מען האָט אונז געבראַכט אויף דער ראַדונער גאַס, פאַרקערעוועט אונז אויפן פערד־מארק־פּלאַץ. דאס איז א גרויסער פּלאַץ ארומגעצוימט מיט א הויכן פּאַרקאַן פון ברעטער, און געהייסן אלעמען זיך גלייך לייגן אויף דער ערד.

ס'זיינען אָנגעפאָרן ספּעציעלע ליטווישע פּאָליציי מיט זייער קאָמענדאַנט אָסטראָווסקי, ימח שמו, (מען האָט אים פאַרשיקט קיין סיביר אויף 8 יאָר) און אונז געגעבן אַ באַפעל, אז מיר טאָרן קיין שום זאַך ביי זיך ניט האַלטן, מיר מוזן גלייך אָפּגעבן דאָס געלט און ווערטפולע זאַכן, פון א זייגערל ביז א מעסערל. ביי וועמען מען וועט נאָכדעם געפינען איין גראָשן, איז דער טויט אויפן אָרט. זיי האָבן אנידערגעשטעלט אינמיטן פּלאַץ אַ גרויסן קאַרב און געהייסן ווארפן אין קאַרב אריין, און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אזאַ מין טרויעריקער ספּעקטאַקל אז מען קאָן גאָרניט באַשרייבן. ניט קוקנדיק צי מען וואַרפט יאָ אין קאַרב צי ניט, האָבן די ליט־ווישע פּאָליציאַנטן זיך געוואָרפן מיט גומענע בולאַווע־קעס, געהאַקט איבער די קעפּ, איבער די פּנים'ער, און מיט ווילדע געשרייען: זשידיאַי, אַט ידואָקיט פּיניגו, פּ־יי־ב־יי־ג־ר־ו. (אידן, גיט אוועק דאָס געלט!).

דאָס האָט געדויערט א צוויי שעה. ס'איז געווען פונקט ווי ווילדע חיות רעווען, נאָך שוידערליכער ווי ווילדע חיות, ביז וואַנעט זיי האָבן זיך פאַרמאַטערט שלאָגן.

איך האָב געזען ווי אידן האָבן געריסן הונדערטער געלט־שיינען אויף פּיץ־פּיצלעך. צווישן זיי, געדיינק איך איינעם א חיים בערקאָווסקי, א שניט־קרעמער פון אַלקעניק, א ווארענאווער איידים. ער האָט ארויס־גענומען פון זיין באַהעלטעניש זיין געלט, דאס צעריסן אויף פּיצלעך און צעוואָרפן אין אלע עקן.

איך האָב געהאַט ביי זיך הונדערט רובל מיט אַ גאָלדענעם זייגער, האָב איך אויפגעטרענט דעם אונטער־שלאַק און דאָרטן באַהאַלטן. איך האָב זיי ניט גע־וואָלט געבן, און ניט געגעבן.

און צו דעם דאָזיקן מארק־פּלאַץ פירט מען אלץ נייע און נייע פּאַרטיעס מיט אידן פון די שטאַלן, שיי־ערן און בתי־מדרשים. איך קוק אלץ ארויס, אפשר וועל איך צווישן זיי דערזען מיין פרוי מיט מיין קינד. וועגן טאַטן האָב איך זיך ביי קיינעם ניט געקאָנט דער־וויסן ואו ער איז. קיינער האָט אים ניט געזען און ניט געהערט פון אים.

אזוי האָט געדויערט ביז זונפאַרגאַנג, ווי ס'קומט אָן א נייע פּאַרטיי פרויען מיט קינדער, און צווישן זיי דערזע איך פונדערווייטנס מיין פרוי און קינד. איך האָב ניט געקוקט אויף דעם, וואָס ס'איז פאַרבאָטן זיך אויפצושטעלן, איך האָב געגעבן א שפּרונג־אויף, און געלאָפן אנטקעגן זיי, א כאַפּ געטאָן מיין מיידעלע אויף די הענט. האָט זי געשריען:

— פּאַפּינקע, מען האָט געזאָגט, אז מען האָט דיר שוין דערהאַרגעט...

פּאָליציי איז צו מיר צוגעלאָפן און מיך אָנגעהויבן שלאָגן, הלמאַי איך האָב זיך אויפגעהויבן פון דער ערד. האב איך זיך צוריק געזעצט און גענומען דאָס קינד אויפן שויס. מיין פרוי האָט מען אונטערזוכט און דערנאָכדעם געהייסן איר זיך זעצן אויף דער ערד. האָט זי זיך געזעצט נעבן מיר און איך האָב איר דער־ציילט, וואָס ס'האָט מיט מיר געטראָפן.

וואָס טוט מען? ווי אזוי ראַטעוועט מען זיך פון פייער? ס'לויפן געדאַנקען דורכן קאָפּ מיט פאַרשידענע פּלענער. איך רייד־צו אידן מיר זאָלן עפּעס טאָן. אפשר זיך א לאָז טאָן אלע מיטאַמאָל אויף דער פּאָליציי. וועלן זיי שיסן, וועלן פאַלן אייניגע, אָבער א סך וועלן זיך ראַטעווען. שרייט מען אויף מיר אָן, הלמאַי איך מאַך א פּאַניק, ווייל זיי גלויבן, אז מען וועט אונז נעמען אויף ארבעט און דאס אלץ...

דאָ זיינען ארויפגעפאָרן צוויי דייטשן אויפן פּלאַץ, ציווילע דייטשן. אז איך דערמאַן זיך איצט, זע איך שוין, אז די צוויי דייטשן זיינען ארויפגעפאַרן זיך אביסל

לוסטיק מאכען, הנאה האָבן פון ספעקטאקל. די דייטשן האָבן ארויסגערופן צוויי אידישע מיידלעך פון עולם. די דאָזיקע מיידלעך האָבן געארבעט אלס דינסטן ביי זיי. די דייטשן האָבן געפרעגט ביי די מיידלעך, כלומרשט מיט פארוואונדערונג, וואָס זיי טוען דאָ. ענטפערן די מיידלעך, אז זיי וויסן ניט, זיי די דייטשן וויסן דאָך בעסער. און זיי האָבן זיך פאנאנדערגעוויינט, און געפרעגט די דייטשן פארוואָס האָט מען אלעמען צונויפגעטריבן, און וואָס וועט מען מאכן מיט אונז. איך האָב זיך דוקא צוגעהערט, וואָס די דייטשן האָבן גערעדט צו די מיידלעך, איך האָב געוואָלט כאפן א וואָרט, כדי צו פארשטיין אונזער לאגע. די דייטשן האָבן גערויכערט ציגארן און הארציג געלאכט:

— אך, וואָ, שיסן? באשטימט ניט. מיר שיסן ניט קיין מענטשן. ביי אונז קומט דאָס ניט פאָר...

— פארוואָס זשע — האָבן די מיידלעך גיפרעגט ביי זיי — האָט מען אויפגעטריבן געגן נאכט אויף דעם דאָזיקן פלאץ אלעמען פון פיר שטעטלעך: דעקשניע, לייפון, אָלקעניק און איישישאָק?

ענטפערן זיי, אז צו זיי, די דייטשן, געהערט דאָס ניט, ס'געהערט צום ליטווישן קאָמענדאנט.

— נאָר מען וועט אייך ניט שיסן. רעדט נישט קיין נארישקייטן, איר זייט פאררירקט, דום וואָס איר רעדט דאָס...

די דאָזיגע צוויי דייטשן האָבן אונז אלעמען באַטראַכט, זיך דורכגעשפאצירט אַ פּאָר מאָל איבערן גאנצען מארק־פלאץ און זיינען אוועק. גלייך נאָכדעם, איז פארשטארקט געוואָרן די וואַך. מען האָט צוגעשטעלט פרישע שאוליסטן מיט מאשין־געווער, און דער קאָמענדאנט אָסטראָווסקי איז געלאָפן אויף זיין מאָטאָציקל ארום און ארום דעם פלאץ און אלץ געגעבן פארשידענע באפעלן צו זיינע שיסער.

זיי האָבן אונז אלעמען אָפּגעשטופּט פון פארקאָן וואָס ווייטער, א דרייסיג מעטער אפגערוקט. זיי האָבן געמאכט א קיילעכדיקן מאניעזש, און ארום און ארום איז געווען א געדיכטע שטרענגע וואך מיט פולעמיאָטן (קוילנווארפער). זיי האָבן געזאָגט, אז קיינער זאָל זיך ניט אויפשטעלן. ווער ס'וועט זיך אויפשטעלן — וועט כאפן א קויל...

## „למה עזבתנו?"

ארום איינס, אָדער צוויי א זייגער אינמיטן נאכט, ווי מען ליגט אזוי פארפייניקט, פאר'הרג'עט, פארדורשטיקט און מען ווייסט ניט, וואָס ס'דערווארט אונז, דערהערט זיך פלוצלינג א גערויש פון מאָטאָציקלעטן. די „עס־עס" באנדיטן זיינען אָנגעקומען אויף די מאָטאָציקלעטן, ביי א צען שטיק. זיי זיינען ארויפגעפאָרן אויפן פלאץ, ארומגעגאנגען ארום און ארום דעם מאַניעזש, אָנגעטאָן אין די סטראשנע העלמען מיט דעם צייכן פון א טויטן שארבן אינמיטן, אין ברייטע גומענע רעגן־מאַנטלען, אזוינע פעלערינע־מאנטלען, געשיינט אויף אונז מיט די גרויסע באַטעריי־לאָמפּן, זיי האָבן געשפּייט אוף אונז, געבריקעט מיט די פיס. אויף אידן מיט בערד האָבן זיי געזאָגט: „דאס איזט עכט טיפישער אָסטיודע", און זיך פארגאַנגען אין געלעכטער.

נאָכדעם האָבן זיי אָנגעבונדן אין ווינקעל פון פארקאָן צוויי גרויסע לאָמפּן, זיך דאָרטן אנידערגעזעצט און גערעדט צווישן זיך ביי א צוואנציג מינוט. זיי זיינען ווידער צוגעגאנגען צו דער קופּע מענטשן און ווייטער געשלאָגן, געטראָטן מיט די פיס, נאָכדעם זיינען זיי געגאנגען ארום און ארום און געזוכט מיט די באַטעריי־לעמפּלעך. פלוצלינג האָבן זיי אלע געוואָרפן די שיין אויף א איישישקער מיידל, כ'געדיינק שוין ניט איר נאָמען. זי איז געווען אַ גרויסע שיינהייט. האָבן זיי איר ארויסגענומען פון צווישן די ליגענדע און האָבן איר געהייסן זיך אויסטאָן נאקעט פאר זיי.

זיי האָבן זי ארומגערינגלט, געשיינט אויף איר מיט די באַטעריי־לאָמפּן, און געוואַרט, אז זי זאָל אויספילן זייער באפעל. זי איז אָבער געשטאנען און זיך ניט גערירט. האָבן זיי אָנגעצילט אויף איר די אויטאָמאַטן און געזאָגט, אז אויב זי טוט זיך ניט אויס נאקעט, וועלן זיי איר דערשיסן. זי איז אלץ געשטאנען און זיך ניט גערירט. האָבן זיי זיך ארויפגעוואָרפן אויף איר און מיט געוואַלד אָנגעהויבן צו רייסן די קליידער פון איר. האָט זי זיך געראנגלט. צוגעהאלטן שטארק מיט די הענט אירע קליידלעך, זיך געקאטשעט אויף דער ערד, בשום אופן ניט געלאָזט אויפדעקן איר לייב. מען האָט איר געבריקעט מיט די פיס, אָבער זי האָט זיך ביז דער לעצטער מינוט ניט געלאָזן. פון גרויס רציחה האָבן זיי אָנגעהויבן שיסן אויף איר. אלע צען האָבן געשאָסן אויף איר פון זייערע אויטאָמאַטן.

זיי זיינען אוועק. זיך געזעצט אויף זייערע מאָטאָציקלעטן און זיך אָפּגעטראָגן. ס'איז געוואָרן אזוי שטיל נאָכדעם צווישן אלע פינף טויזנט אידן, וואָס זיינען געלעגן אויפן פערד־מארק...

...מיין ריווע רחל'ע איז געשלאָפן אויף מיין שויס, א פארמוטשעטע, א פארהונגערטע, מיט פארטריקנטע ליפּעלעך אָן א טראָפּן וואסער. איך האָב איר צוגעדעקט מיט מיין פעלצל. ס'איז געווען אַ קילע נאכט, מיט א סך שטערן אויפן הימל. דאָ און דאָרט האָט זיך געהערט, ווי אידן זאָגן תהלים. איך האָב געקוקט אויפן הימל מיט די שטערן, און איך האָב זיך דערמאנט, וואָס איך האָב געלערנט ווען איך בין געווען א אינגל. איך האָב געלערנט, ווי גאָט האָט געזאָגט צו אברהמ'ען, אז אזוי ווי ער קאָן ניט ציילן די שטערן אין הימל, אזוי וועט מען ניט קאָנען ציילן

די קינדער, וואָס וועלן אויפשטיין נאָך אים. און עפּעס איז געקומען צו מיר א גוטע האָפנונג. איך האָב גע־האָפט אויף א נס. אלע פינף טויזנט אידן האָבן מ־ר יענע נאכט געהאָפט אויף א נס...

## מ׳זאָגט וידוי

דאָנערשטאָג פאַרטאָג, דעם 24־טן סעפּטעמבער, 1941, ארום זעקס א זייגער, האָט אָנגעהויבן אויפגיין דער טאָג. מען האָט געזען, אז ס׳וועט זיין זייער א שיינער טאָג.

די פרומע אידן מיט׳ן אַלקעניקר רב ר׳ אברהם אהרן וואלדשאַן, מיט׳ן איישישקער רב, (איך געדענק שוין ניט זיין נאָמען), מיט זייערע איידימס — האָבן אָנגע־הויבן צו זאָגן וידוי.

באלד זיינען אָנגעקומען צוויי ראַטעס שאוליסטן מיט ליטווישער פאָליציי און ליטווישע סאָלדאטן, באוואפנט פון קאָפּ ביז די פיס, מיט זייער קאָמענדאנט, אסטראווו־סקי בראש, און געגעבן א געשריי:

— „ווירעי, סטאקיטי, וויסי, איילינן!!!” (מענער, שטעלט זיך אלע אין דער רייע). מען דארף איך אויף ארבעט, אָפּצוימען אויף מעשטשאנסקע גאס א געטאָ פאר איך.

האָבן זיך א סך מענער אויפגעשטעלט, א־ך האָב זיך ניט געוואָלט אויפשטעלן. איך האָב ניט געגלויבט, אז מען פירט צו דער ארבעט. האָבן זיי אָפּגעציילט פיר הונדערט מאַן, פון די וואָס האָבן זיך אויפגעשטעלט, די איבריגע געהייסן ז־ך צוריקזעצן אויף דער ערד. די אָפּגעציילטע פיר הונדערט אידן האָבן זיי אוועקגע־פירט. מיר ליגן אויף דער ערד און וואַרטן. ווייסען גאַרניט וואָס ס׳טוט זיך מיט די 400 אידן, נאָר א־ך האָב געהערט טויבע און ווייטע שאָסן. רייד איך צו מיינע שכנים, וואָס ליגן צוזאמען מיט מיר אויף דער ערד, די ברידער לייזער און אברהמ׳קע חכים — ד־ שניידער פון אַלקעניק, הירשל מאלצמאַן, איטשקע דווארצאַן און אברהמ׳קע טייץ דעם בעקערס זון, אַלע געזונטע חברה, אויסגעדינטע סאָלדאטן, רוף איך זיך אָפּ צו זיי:

— חברה, עס טויג ניט. מען שיסט אויס. לאָמיר ז־ך ראַטעווען, לאָמיר זען עפּעס טאָן. אלנפאלס ניט גיין גלייך. אויב שיסן, זאָלן זיי אונז שיסן דאָ, וועלן מיר דאָך ניט האָבן וואָס אנצוווערן.

האָבן זיי מיך אויסגעלאכט: א מענטש זאָל ליב האָבן מאכן פאניק! עס האָבן זיך מיר נור אויסגעדאכט די שאָסן, וואָס איך האָב געהערט פונדערווייטנס — זאָגן זיי.

אז מען ברענגט אונז אום, האָט קיינער ניט גע־וואָלט גלויבן. מיין פרוי האָט יאָ געגלויבט, און זי רופט זיך אָן צו מיר:

— מיר ליגן איצט אויפן זאמד, מיר דארפן זיך צוגעוואוינען צו דעם זאמד, ווייל דאָס וועט שוין זיין אונזער אייביקע רו.

אין דריי שעה ארום איז מען געקומען נעמען נייע מענער און געגעבן א קאָמאנדעווע:

— „ווירצ׳י, סטאקיט, וויסיע איליען” (מענער, שטעלט זיך אלע אין דער ריי). איך האלט זיך ביי מייניקע. איך שטעל זיך ניט, און נאָך מענער האָבן זיך געפונען, וואָס האָבן זיך ניט געוואָלט אויפשטעלן, האָבן זיי אָנ־געהויבן שלאָגן א־ן די קעפּ מיט די ביקסען, האָבן זיך א סך שוין געמוזט אויפשטעלן. זיי האָבן ווידער אָפּגעציילט א פיר הונדערט מאַן און אוועקגעטריבן. דאָס מאָל האָבן זיי די דאָזיקע צווייטע פארטיע ניט אוועקגעפירט ווייט, נאָר בלויז א האלבן קילאָמעטער, אויפן בית עולם. עס האָבן זיך שוין אזוי קלאָר געהערט די שאָסן פון די ביקסן און די זאלפן פון די פאָלע־מיאָטן, אז די ערד האָט זיך געטרייסלט. איז דאָס געוואָרן א געוויינעריי פון די איבערגעבליבענע מענער, פרויען און קינדער. מען האָט שוין ניט געקוקט אויף דעם, אז מען טאָר זיך ניט אויפשטעלן, אלע האָבן זיך אויפגעשטעלט און געשריען:

געוואלד, מען שיסט דאָך אונז אלעמען אויס!

האט די וואַך אָנגעהויבן זיך צילעווען אויף אונז מיט די ביקסן און באפוילן זיך צוריק אנידערצולייגן אויף דער ערד, אז ניט — וועלן זיי שיסן. האָט שוין קיינער ניט געוואָלט פאָלגן. האָבן זיי געשאָסן. אָבער קיינער האָט שוין ניט געפאָלגט. (א דריי מאַן זיינען געפאַלן ווען די וואך האָט אָנגעהויבן צו שיסן. צווישן זיי געדענק איך איינעם א דאָברושל פאליאק, א שוס־טער פון לידע). איצט איז געווען די בעסטע געלעגענ־הייט צו אָרגאניזירן א ווידערשטאנד. מען האָט שוין געזען, אז ס׳איז סיי־ווי־סיי פארפאלן. איך האָב געזען, ווי מענער און אפילו פרויען און קינדער לויפן גלייך אויף דער וואך, און דאָ האָט זיך שוין די וואך דער־שראָקן, און שוין מערער ניט געשאָסן אויף אונז, נאָר געהאלטן גרייט די ביקסן. מיר אלע לויפן און שרייען מיט גרויסע געוואלדן, אז מען האָט אונז אזש געקאָנט הערן אפשר פון צען קילאָמעטער ארום. און איך טראכט, אז איצטער איז די צייט, און א־ך לויף זיך צונויפריידען מיט חברה, וואָס מיר זאָלן טון, ווי פלוצלינג יאָגן זיך אריין אויפן פלאץ די שאוליסטן און ל־טווישע פאָליציי. דאָס האָבן זיי דערהערט אויפן שיספּלאץ נעבן בית עולם אונזערע געוויינען און גע־וואלדן, און זיי האָבן אָנגעהויבן בארואיקן מיט דראָ־אונגען און נאָכמער מיט גוטן, מיר זאָלן אופהערן גע־וואלדעווען, ווייל זיי האָבן אונז עפּעס וואָס צו זאָגן. האָבן מיר זיך בארואיקט, געוואָלט הערן, וואָס זיי ווילן אונז זאָגן. רופן זיי זיך אָפּ: וואָס שרייט איר?

מען טוט דאָך אייערע מענער קיין שלעכטס ניט... און גלייכצייטיק ווייזן זיי א בריוול געשריבן אין אידיש פון לייבע מילייקאָווסקי, א אייגנטימער פון איישישקער מעל־טאַרטאַק, צו זיין ווייב, און ס'איז געשריבן אין בריוול, אז זיי ארבעטן און לעבן, נאָר מען סטראַשעט זיי, מען שיסט אין דערלופטן. און דאָ ציַיגן אונז די שאוליסטן ווייט איבערן שאָסיי, און מיר זעען, ווי מענטשן זיינען דאָרטן ארומגעגאנגען איבערן שאָסיי. נאָכדעם האָב איך זיך דערוואוסט, אז דאָס זיינען געווען פאסטוכער, וואָס האָבן געטריבן די בהמות...

— איר זעט — מאכן זיי, די שאוליסטן, ווייזנדיק צום שאסיי — אייערע מענער ארבעטען דאָרטן. א טייל זיינען אוועקגעפירט געוואָרן אויפן אלקעניקער שאָסיי א טייל אויף ראַדונער שאָסיי, און אלע לעבן און אר־בעטן.

און כדי אונז נאָך מערער צו באווירקן, האָבן זיי א העלפט וואך אראָפגענומען פון פלאץ, און אונז גע־בראכט וואסער צום טרינקען. האָבן מיר זיך בארו־איקט. זיך אָנגעטרונקען מיט וואסער, זיך צוריק אויס־געלייגט אויף דער ערד און געהאָפט אז ס'וועט זיך אויסלאָזן צום בעסטן.

### איך אנטלויף...

אזוי זיינען אוועק א דריי שעה און ס'איז דערווייל רואיק. אָבער פלוצלונג באווייזן זיך ווידער שאוליסטן מיט מאשין־געווער אויף א נייעם קאָן. אלע מענער מוזן זיך אויפשטעלן. דאָ האָט שוין קיינער ניט גע־וואָלט פאָלגן, נאר מיט שטארקע קלעפּ האָבן זיי ווייטער אויפגעשטעלט א ריי מענער און זיי אוועק־געפירט. און דאָ הערן מיר שוין זייער קלאָר, ווי מען שיסט אויס אונזערע בעסטע, נאָענטסטע און טייערסטע. אין דער לעצטער פארטי אוועקגעפירטע, זיינען געווען א סך פון אונזערע דעקשנער קאָלאָניסטן, און א סאך פון מיין פרוי'ס משפחה. מיר דאכט זיך, אז מאיסיי גאמבורג איז אויך געווען צווישן דער לעצטער פארטי. אונזערע פנימער זיינען געווען איינגעפאלענע, מיט איינגעזונקענע באַקן, מיט פארטריקנטע, פארברענטע ליפן, און די האָר זיינען געשטאנען ווי טשוועקעס. מיר האָבן געזען, ווי מאמעס און זין געזעגענען זיך, קושן זיך און שרייען: מיר גייען דאָך אלע צום טויט, מען שיסט דאָך אונז אלעמען אויס.

(און דאָ טוט זיך בערל ליפשיץ א כאפּ מיטביידע הענט ביי די באקן, און זיינע אויגן ווערן פארשטארט, פונקט ווי זיי וואָלטן דערזען א געשפענסט, און ער טוט א געשריי — דער מחבר)

— אוי, ווי, זיי שטייען מיר פאר די אויגן!

איך זע אז קיין פרויען טרייבט מען ניט, נאָר מענער און איך פיל, אז איך האָב קיין אויסוועג ניט, זאָג איך צו מיין פרוי:

— מען שיסט אונז אויס, מיר זיינען פארפאלן, מיר האָבן געוואַרט אויף א נס, און דער נס איז ניט געקומען.

רופט זיך אָפּ צו מיר מיין פרוי: בערל, טו וואָס דו קענסט און אנטלויף, און נעם נקמה פאר אונז. זי האָט זיך געזעצט אויף מיר, מיך פארדעקט מיט אירע קליידלעך. מיין קינד האָט זיך אויך געזעצט אויף מיר און מיך פארדעקט מיט איר מאנטעלע און געזאָגט: פּאַפּינקע, ריר זיך ניט, ווייל מען וועט דיך צוכאפּן.

אָבער ס'האָט ניט געהאָלפן, זיי האָבן געזוכט און גענישטערט צווישן די פרויען, און ווי זיי האָבן געפונען א מאן, האָבן זיי אים געטריבן זיך שטעלן אין דער ריי. מען האָט מיר אויך געפונען, מיך מכבד געווען מיט די קאָלבעס אין קאָפּ און אין הארצן און מיר אנידער־געשטעלט אין דער ריי.

שטייענדיק אזוי אין דער ריי, זיינען מיינע געדאנקען געלאָפן אזוי גיך, אזוי גיך, און דאָ דערמאן איך זיך פלוצלינג, וואָס איטשע פּעטליוק האָט געזאָגט אויף מיר. ס'איז געווען נאָך פארטאָג, נאָכדעם וואָס מען האָט אוועקגעפירט די ערשטע פארטי פון פיר הונדערט מאן. רופט זיך אָפּ איטשע פּעטליוק צו זיין טאטן אברהם, ביידע דעקשנער קאָלאָניסטן:

— טאטע, דו וועסט זען, אז בערקע וועט אנטלויפן.

רוף איך זיך אָפּ צו אים: פונוואנעט ווייסטו?

ענטפערט ער: דו זעסט אויס אזוי סטראשנע, דיינע אויגן זיינען ארויסגעסטאַרטשעט, און דו ביסט זייער ביסטרע (גיך, שארף).

און דאָ דערמאן איך זיך, וואָס מיין פרוי האָט מיר געזאָגט:

— בערל, טו וואָס דו קענסט און אנטלויף, און נעם נקמה פאר אונז...

...איך וועל זיך ניט לאָזן שיסן. איך וועל זיך ניט לאָזן שיסן... אנטלויף בערל, אנטלויף, און טו דאָס שנעלער, אז ניט וועט שוין זיין צו שפּעט... און דאָ טרייבט מען שוין אונז, און מיר זיינען שוין די לעצטע מענער, און איך קוק זיך אום, און זע פונדערווייטנס מיין פרוי און קינד. און דאָ גייען מיר שוין ארויס פון מארק־פלאץ, און פון אלע זייטן באַ־וואַפנטע שאוליסטן. איך וועל זיך ניט לאָזן שיסן, איך וועל זיך ניט לאָזן שיסן — בויערט דאָס מיר אין מוח. אנטלויף בערל, אנטלויף...

און דאָ קומען מיר אָן צום „זאַלאָם", (אויסבויג פון וועג). איך האָב דערלאנגט א שפּרונג. אָנוועררן האָב איך שוין ניט וואָס. מען שיסט מיר נאָך, אָבער איך לויף, אין זיגזאגן לויף איך, דערזען א פּאַרקאַן פון ווייטנס. אוי, ווען איך קאָן נאָר גרייכן ביז'ן פּאַרקאַן. ס'הארץ טראָגט מיר, איך פלי, איך דער־

גרייך דעם פאַרקאַן. אריבער געשפרונגען דעם פאַרקאַן — דערזע איך אַ שטאַל. אריינגעלאָפן אין שטאַל, פון שטאַל ארויף אויפן בוידעם. אויפן בוידעם זיינען געווען אָנגעלייגט שטאַנגען מיט היי, איך פאַרגראָב זיך אין דעם היי...

## אויפן שיידוועג

ס'האַרץ פּויקט, ס'ווערט שיעור ניט צעריסן. איך פאַרגראָב זיך אַלץ טיפער און טיפער אין די היי, איך ווער שיעור ניט דערשטיקט. ס'לאָזט זיך מיר אויס דער אָטעם. איך הער זיך איין. קיינע טריט. איך גלויב זיך אַליין ניט, אַז איך בין אַ געראַטעוועטער. אָבער באַלד דערהער איך אַ געוויין פון פרויען און קינדער, וואָס דערטראָגט זיך צום בוידעם פון מאַרק־פּלאַץ. איך קאָן ניט איינליגן רואיג, ס'דוכט זיך מיר אַלץ, ווי מיין פרוי שרייט: בערל, בערל, ווי מיין ריוועַ־רחל'ע רופט: פּאַפּאַ, פּאַפּינקע...

און פּלוצלונג דערמאַן איך זיך אָן מיין טאַטן: וואו איז מיין טאַטע? אויפן מאַרק־פּלאַץ איז ער ניט געווען, וואו איז ער? וואו איז ער?

און דאָ ווערט פינצטער. איך קוק ארויס אינדרויסן. איך הער ווי אַלע הינט פון אַלע דערפער ארום האַלטן אין איין וואָיען. פון צייט צו צייט דערהערן זיך שאָסן, און נאָך די שאָסן צעוואָיען זיך די הינט נאָך שטאַרקער. און פון מאַרק־פּלאַץ זע איך, ווי פילע לעמפּלעך לעשן זיך און צינדן זיך אָן. דאָס גייען זיי מסתמא ארום, די קוילער, מיט די באַטערי־לעמפּלעך.

איך האָב זיך ארומגעקוקט ארום און ארום צי קיינער שטייט ניט. אויף די שפּיץ פינגער אריבערגעשאַרט זיך די וועג און גענומען זיך ריכטונג צום שטעטל ראַדון, 14 קילאָמעטער פון איישישאָק. גייענדיק דערהער איך פּלוצלונג אַ געשריי:

— סטאַק, קאַס טשע איינאָ? (שטיי, ווער גייט דאָרטן?)

איך האָב זיך ניט אָפּגעשטעלט, גלייך אריבערגעשפרונגען אַ גאָרטן און זיך געלייגט אין צעאַקערטן שטיק גאָרטן. איך ליג און הער, ווי שטיוול מיט טשוועקעס טופּען איבערן בריק. ס'איז געוואָרן אַ באַוועגונג און אַ שיסעריי. ס'האָט זיך באַרואיקט די שיסעריי, האָב איך זיך אויפגעהויבן, אויסגעטאָן די שטיוול, און אַ באָרוועסער זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון די נאָענטע איישישקער פאַדומבליער בלאָטעס. איך האָב שוין אויסגעמיטן דאָס בלוטיקע שטעטל, איך גיי און איך קוק זיך ארום. איך גיי און שטעל זיך אָפּ. אַן אַ היטל, אָן פּעלצל, די שטיוול אין די הענט, אַזוי בין איך געגאַנגען.

כ'בין געקומען צו די בלאָטעס. זיך געזעצט, איבער־געכאַפּט דעם אָטעם, זיך אָנגעטרונקען מיט די בלאָטיקע וואַסער און געשפּירט די לופט ארום מיר.

איך האָב זיך אויפגעהויבן, איך בראָזשע אין די בלאָטעס. איך ווייס ניט, וואוהין איך גיי. דערהער איך פּלוצלונג דאָס הוזשען פון די טעלעגראַף־דראָטן. פאַרשטיי איך שוין, אַז ערגעץ נאָענט געפינט זיך דער שאָסיי. זיך אָפּגעשטעלט צי קיינער פּאָרט ניט איבערן שאָסיי. כ'בין צוגעגאַנגען פאַמעלינקע צום שאָסיי, זיך צוגעהערט צום ארום. געהערט שאָסן פון דערווייטענס. האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די שאָסן קומען פון איישישאָק, האָב איך גענומען די פאַרקערטע ריכטונג, וואָס ווייטער פון די שאָסן.

איך בין אָפּגעגאַנגען צוריק פון שאָסיי אַ דרייסיק מעטער, און געגאַנגען פאַזע דעם שאָסיי. איך בין דערגאַנגען ביז אַ בריק. דאָס איז געווען ראַדונער בריק. האָב איך מורא געהאַט גיין צום בריק. האָב איך זיך געלייגט אויף דער ערד, וואַרטן אפשר שטייט אַ פּאַטרול אויף דעם בריק. און דאָ הויבט שוין אָן צו טאָגן, נאָך אייניקע מינוטן ליג איך אויף דער ערד און זיך צוגעהערט, ביז איך בין אריבער דעם בריק, און געקומען קיין ראַדון, ווען ס'איז שוין געווען אַ שפּראָץ אויף טאָג.

איך בין צוגעגאַנגען צו אַ פענצטער פון אַ אידישער שטוב, דאָרטן האָט געוואוינט אַ וואָל־בערשטער. האָב איך אָנגעהויבן קלאַפּן אין פענצטער. מען האָט ניט געענטפערט. אָבער איך האָב ניט אָפּגעטראָטן און אַלץ געקלאַפּט שטאַרקער, האָט זיך אַ ווייז געטאָן אַ פרוי ביים פענצטער, אַ טויט דערשראָקענע. האָב איך אָנגעהויבן צו ריידן אויף אידיש:

— האָט קיין מורא ניט, שרעקט זיך ניט, עפנט אויף, ס'איז אַ איד.

האָט זי מיר געעפנט די טיר, און איך האָב איר אָנגעהויבן דערציילן פונוואַנעט איך גיי. זי האָט געווינט, איך אַליין האָב געוויינט און גערעדט. האָט זי אַ רוף געטאָן איר מאַן און געזאָגט:

זע, וואָס ס'טוט זיך.

האָבן זיי אָנגעהויבן פרעגן ביי מיר:

— פאַרוואָס, אפשר האָט איר עפּעס געטאָן? אפשר זיינט איר געווען קאָמוניסטן, פאַרטיינע?

האָב איך זיי געזאָגט, אַז מען האָט קיין זאַך ביי אונז ניט געפרעגט. מען האָט געשאָסן. האָבן זיי ניט געגלויבט, געזאָגט, אַז ס'קאָן ניט זיין, און זי דערציילט מיר אַ מעשה, אַז זי האָט מיר ניט געוואָלט עפענען די טיר, ווייל זי האָט זייער מורא געהאַט. נעכטן זיינען ביי זיי געווען דייטשן און געמאַכט אַ חורבן אין שטעטל. זיי האָבן געזוכט אידן, וואָס זיינען געווען באַאַמטע ביי דער סאָוויעטישער מאַכט.

האָב איך זיי געזאָגט, אַז דאָס הויבן אָן די דייטשן

מיט קאָמוניסטן און ענדיקן מיט אַלע אידן. האָבן זיי מיר נאָך אַלץ ניט געוואָלט גלויבן.

נאָכדעם האָבן זיי מיר געגעבן ברויט מיט מילך און איך האָב זיך אָפּגע׳חי׳עט אביסל...

### בין איך אראָפּ פון זינען?

נאָר ס׳האָט מיך ניט געלאָזט רוען. איך האָב זיך געבעטן ביים וואָל־בערשטעטער און זיין פרוי:

— גיט מיר אַ מענטשן, עפּעס אַ קריסט, ער זאָל אַוועקלויפן אַהין און אַ קוק טאָן אויפן מארק־פּלאַץ, אפשר וועט זיך אים איינגעבן ארויסכאַפּן מיין פרוי מיט׳ן קינד?

האָבן זיי מיר אָנגעוויזן אויף איינעם אַ פּאָליאַק, וואָס האָט פארמאָגט אַ וועלאָסיפּעד. זיי האָבן געזאָגט, אַז ער וועט זיך אפשר אָננעמען. בין איך צוגעגאַנגען צום פּאָליאַק, ניט קענענדיק אים ווער ער איז און וואָס ער איז, איך האָב אים אָנגעהויבן צו קושן די הענט און בעטן:

— האָב רחמנות, איך וועל דיר געבן אַ גאָלדענעם זייגער. איך וועל דיר געבן מיינע שטיוול. איך וועל דיר געבן מיינע לעצטע הונדערט רובל, איך וועל קריגן ערגעץ געלט און וועל דיר נאָך געבן — ראטעווע ארויס מיינע פרוי און מיין קינד!

און איך דערצייל אים אַלץ וואָס האָט פּאסירט מיט מיר, און ער איז געוואָרן גערירט, און זיך אונטערגענומען מיר צו העלפן. איך שרייב אָן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר עטליכע ווערטער צו מיין פרוי, אַז איך לעב, און אַז זי זאָל אנטלויפן מיט׳ן קינד, און אַז דער קריסט וועט איר העלפן. דער מאַן איז גלייך אַוועקגעלאָפן אויף זיין וועלאָסיפּעד קיין איישישאָק, און איך וואַרט, און איך קאָן ניט איינזיצן אויף קיין אָרט. און דאָ לויפט אָן מיינער אַ חבר, אַ אַלקעניקער, מאָניש פיין, וואָס האָט געוואוינט אין ראַדון. דערצייל איך אים אַלצדינג וואָס האָט געטראָפן, האָט ער זיך פאַנאַנדערגעוויינט, מיך אַריינגענומען צו זיך אין שטוב, מיר געגעבן אַ העמד איבערצובייטן און אַ געלעגער. אָבער ווי האָב איך שוין געקאָנט איינליגן? ווי האָב איך שוין געקאָנט אַ אויג צומאַכן?

און דאָ זיינען זיך אָנגעגאַנגען ראַדונער אידן און מיר אָנגעהויבן צו שטעלן פראַגן, און זיי גלויבן מיר ניט, וואָס איך דערצייל זיי, און זיי קוקן אויף מיר מיט חשד. זיי מיינען, אַז איך בין פון זינען אַראָפּ. איך האָב ניט געקאָנט איינזיצן אויף איין אָרט. ארויס פון דער שטוב, הער איך ווי צוויי פרויען אינדרויסן ריידן צווישן זיך:

— דער דעקשנער באַלעבעסל, נעבעך, איז אַראָפּ פון זינען...

און יעדער איינער קוקט אויף מיר מיט רחמנות, און אויך מיט מורא. ארט מיר ניט, ווי מען קוקט אויף מיר. איך גיי צו דער שטוב, וואו דער פּאָליאַק האָט געוואוינט. איך וואַרט אינדרויסן. ס׳איז שוין געווען פאַרנאַכט, ווען ער האָט זיך אומגעקערט. און נאָך פונוויטנס האָב איך געזען אויף זיין פּנים, אַז ער ברענגט מיר ניט קיין פריילעכע נייעס. ער האָט מיר אָפּגעגעבן צוריק דאָס בריוול, וואָס איך האָב געשיקט צו מיין פרוי. ער האָט שוין קיינעם פון די פרויען ניט געטראָפן אויפן איישישקער מארק־פּלאַץ. מען האָט אַלע פרויען מיט די קינדער אויסגעשאָסן. איך בין אַריין אין אַ גרויסער מרה־שחורה. איך האָב ניט געוואָלט לעבן. די ראַדונער אידן האָבן מיך ארומגערינגלט, אָבער איך האָב ניט געקאָנט אויסריידן צו זיי קיין איין וואָרט. איך האָב אויף קיינעם ניט געקאָנט קוקן. איך האָב זיך ארויסגעריסן פון זיי.

דער ראַדונער רב, פון דער „חפץ־חיים״ פאמיליע — איך געדיינק שוין ניט זיין נאָמען — האָט געשיקט אַ אידן מען זאָל מיר ברענגען צו אים אין הויז. אַ בכבוד׳יקער אין אויסזען, דער ראַדונער רב, און ער האָט גערעדט צו מיר מיט גוטע רייד. ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל זיין זיין גאַסט, שטיין ביי אים אין הויז וויפיל איך וויל שטיין, און אַז ער האָט אַ גוט געלעגער פאַר מיר. זיינע גוטע רייד האָבן מיך גערירט, און איך האָב זיך פאַנאַנדערגעוויינט פאַר אים, און איך האָב אים דערציילט פון אל״ף ביז ת״ו, און ער האָט אַלץ גערעדט צו מיר מיט גוטע רייד, און מיך באַרואיקט אביסל...

### פון ראַדונער געטאָ קיין לידע

און דאָ ווערט שוין מיין זכרון אביסל מטושטש. איך קאָן זיך ניט דערמאָנען גענוי די פּאסירונגען לויט אַ סדר. איך געדענק בלויז, אַז ס׳איז געווען יום כפור, אַלע זיינען געגאַנגען אין שול אַריין, בין איך אויך געגאַנגען. איך געדענק אויך, אַז אַ דעקשנער מיידל, רבקה יאשפע, מיין קוזינע, איז געקומען צולויפן קיין ראַדון, זיך געראַטעוועט פון דער שחיטה (שפּעטער אומגעקומען אין אַן אַנדער שחיטה). זי האָט מיר דערציילט, אַז די וואַך איז געווען שיכור פון בלוט און פון שנאַפּס. אַ קליינע וואַך איז געבליבן. נאָכדעם ווען מען האָט די מענער אַוועקגעפירט צום טויט, האָט מען אָנגעהויבן צו פירן צום טויט אויך די פרויען. זי מיט נאָך צוויי מיידלעך פון דער קאָלאָניע לייפונע, פּסח בעקער דעם שוסטער׳ס צוויי מיידלעך, האָבן זיך שטילערהייט אַדורכגעשאַרט זאלבעדריט און זיינען געקומען קיין ראַדון. מיין פרוי מיטן קינד האָבן זיי ניט געזען. און דערנאָכדעם געדענק איך ווי איך בין געלאָפן ערגעץ אין אַ דאָרף, איך געדענק שוין ניט דעם נאָמען פון דאָרף, און דאַכט זיך אַז ס׳איז ניט

געווען קיין דאַרף נאָר הויפן אזוינע. דאָרטן האָט מען מיר געזאָגט, באהאלטן זיך אויך פרויען, וואָס זיינען אנטלאָפן פון דער אייישיסקער שחיטה, און לויט ווי מען האָט מיר אויסגעמאָלן איין פרוי צווישן די געראַטעוועטע, האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אז דאָס איז מיין שרה. אָבער קומענדיק אהינצו האָב איך מיין שרה'ן ניט געטראָפן, נאָר דעקשנער דריי פרויען: מערקע פעטליוק, לייקע פעטליוק, אברהם פעטליוק'ס טעכטער, מיט זייער שוועגערין דבורה'קע פעטליוק, איר מיידלשער נאָמען איז ראבינאָוויטש. זי האָט א ברודער אין אמעריקע, לייזער ראבינאָוויטש הייסט ער. זיי זיינען געלאָפן אין די זומפן צוויי טעג און צוויי נעכט, ביז זיי האָבן זיך דערשלאָגן אין דאַרף אריין.

און דערנאָך געדיינק איך שוין ניט ווי אזוי איך בין געקומען צוריק קיין ראדון. איך געדיינק נאָך ניט, ווער ס'האָט מיר געזאָגט, אז מיין טאטע לעבט, און אז ער איז געווען מיט א פאָר טעג צוריק אין ראדון, און אז פון ראדון האָט ער זיך אוועקגעלאָזט אין דער ריכטונג פון לידע. האב איך באשלאָסן זיך צו לאָזן מיט רבקה יאשפע אין דער ריכטונג פון לידע זוכן מיין טאטן...

## אלקעניקער פארטיזאנען

דאָרטן ביים ניעמאן האָבן מיר געטראָפן א גרופע יידישע פארטיזאנען פון נאטשען פושטשע. זיי זיינען געגאנגען מיט זייער קאָמאנדיר סטאנקעוויטש און מיט דעם קאָמאנדיר'ס אדיוטאנט, לייבקע קאַץ, א אָלקעניקער, מיינער א באקאנטער, צו פארבינדן א קאָנטאַקט מיט אונזער באזע.

## אלקעניקער אין לידער געטא

און דאָ טרעף איך אָן אין לידער געטאָ — מאיר'קע פיין פון אונזער שטעטל אָלקעניק. צוזאמען מיט אים איז אויך געווען זיין פלימעניצע שרהל'ע ריבאק. שרה'לע ריבאק איז אַנטלאָפן פון גראָדנע קיין לידע. זי איז אנטלאָפן מיט איר עלטערן ברודער, אבראשע, אלט 20 יאָר, מיט איר קלענערן ברודערל פון 12 יאר און מיט א שוועסטער. איך געדיינק שוין ניט זייערע נעמען. די ברידער מיט די שוועסטערל האָט מען דערשאָסן אין סטוטשין אינמיטן גאס, אָבער זי, שרה'קע ריבאק, איז אריינגעלאָפן אין א שטוב און זיך געראַטעוועט. איך האָב צוגערעדט מאיר'קע פיין מיט שרה'קע ריבאק מיר זאָלן אנטלויפן אין וואלד. זיי זיינען געווען גרייט. אָבער וואו נעמט מען געווער, האָב איך זיי געפרעגט. האָט מאיר'קע געזאָגט, אז ער האָט א באקאנטן שלאָסער אין לידער געטאָ, א סוואָלקער, וועמען מען האָט גערופן ראוב'קע דער שלאָסער, און ער וועט אונז קאָנען באזאָרגן מיט געווער. זאָג איך מאיר'קען: פיר מיך גלייך אוועק צו ראוב'קע דעם שלאָסער. פירט מיך מאיר'קע גלייך אוועק. טרעף איך דעם דאָזיקן ראוב'קען אין זיין ווארשטאָט, א וואוילער יאָט און אן אויסגעצייכנטער מעכאניק. ניט אומזיסט האָבן אים די ימח־שמו'ניקעס געלאָזט לעבן. ער האָט פארמאָגט גאָלדענע הענט און אלצדינג געקאָנט מאכן.

דערצייל איך ראוב'קען צוליב וואָס איך בין געקומען צו אים, זאָגט ער מיר, אז ער האָט א דייטשן ביקס מיט פערציק קוילן. זאָג איך אים ווייז עס מיר, איך וויל א קוק טון. ענטפערט ער: ס'ליגט פארגראָבן אין א מאלינע. די מאלינע איז געווען געמאכט געהיים אין ווארשטאט, מ'האָט גאָרניט געקאָנט דערקענען, ווען מ'איז געווען אין ווארשטאט, אז ס'געפינט זיך דאָרטן א סעקרעט. ס'איז געווען דאָרטן א פלאַץ אין הינטערשטן טייל פון ווארשטאט, אנגעוואָרפן מיט פארשידענע אייזן ברוכווארג. אז מען האָט צעשארט דאָס ברוכווארג, האָט מען געדארפט אויפרוקן אזא ברעטל און ס'האָט זיך באוויזן א עפענונג, וואָס האָט געפירט אין קעלער. בייטאָג אָבער האָט ער מיר מורא געהאט צו ווייזן דעם ביקס. ס'וועט ווערן נאכט וועט ער מיר ווייזן. האָב איך שוין געוואַרט ביי אים אין ווארשטאט ביז נאכט. איז ער אראָפּ אין דער מאלינע, איך נאָך אים, און ער האָט מיר געוויזן דעם ביקס. באטראכט איך די ביקס און זע, אז ער איז ניט קיין נייער. צונויפגעשטעלט פון פארשידענע שטיקלעך. זאָגט ער מיר, ראוב'קע, אז ער האָט אים טאקע צונויפגעשטעלט פון פארשידענע צעבראָכענע ביקסן אין זיין ווארשטאָט. איך טו א פראווו דעם שלאָס, צי ס'וואָרפט ארויס די קויל, און צי עס קלאפט גוט די גליצע („לאבאטשקע"), אלץ פונקציאָנירט גוט נאָר די לופע איז זייער שמוציק.

האָב איך געוואָלט אריינלייגן א קויל און אויסשיסן אין דער ערד, אויספרוון, האָט ער מיך ניט געלאזט.

— דער ביקס איז גוט — מאכט ער צו מיר — נאָר מען דארף אויסרייניקן די לופע. נעמט ער זיך גלייך צו דער מלאכה און טוט דאָס מיט גרויס חשק. ער איז עפעס זייער אויפגעלייגט. מסתמא ווייסט ער שוין צוליב וואָס איך דארף דעם ביקס.

— וואוהין גייסטו? אין וועלכן וואלד? — פרעגט ער מיך פלוצלונג. און צי קאָנסטו עמיצן צווישן די פארטיזאנער?

— יאָ — רוף איך זיך אָפּ — איך האָב געהערט, אז יאנקעלע גאמבורג, דער זון פון אונזער „סאָלטיס", מישה גאמבורג פון דעקשניע, געפינט זיך אין וואלד צווישן די פארטיזאנער. מאיר'קע פיין האָט דאָס געהערט פון עמיצן אין דער געטאָ.

— האָסטו אַ מענטשן, וואָס קאָן די וועג? — פרעגט ער מיר.

— ס'איז דאָ אַזאַ מענטש, וואָס ווייסט די וועג — ענטפער איך אים — און איך האָב מיט זיך אַ קאָמפּאַניע פון 12 מענטשן.

איך האָב אייך פאַרגעסן צו דערציילן, אַז איידער איך האָב זיך געזעגנט מיט מאיר'קע פיין, האָב איך שוין אָפּגערעדט מיט אַכט חברה פון געטאָ זיך צו לאָזן צו די פּאַרטיזאַנער.

— נעם מיך אויך מיט — בעט ראוב'קע ביי מיר. איך האָב אַ נאַגאַן מיט צוואַנציג קוילן און מיט צוויי גראַנאַטן.

— אַזאַ דאַרפן מיר טאַקע האָבן — רוף איך זיך אָפּ — און דו גייסט מיט אונז. איך האָב אים איבער־געלאָזט רייניקן דעם ביקס, און איך בין אוועקגעלאָפן צו מיין חברה. דאָס איז געווען שפּעט ביינאַכט, מיט מיין חברה האָב איך אָפּגעמאַכט, אַז פּונקט 12 אַ זייגער ביינאַכט, גייען מיר אַרויס פון געטאָ...

## ניט קיין געלונגענער שריט

געקומען צום אָרט, וואו איך האָב אָפּגעמאַכט צו טרעפן זיך מיט דער חברה און זיי זיינען שוין כמעט אַלע גרייט. יאַנקל גאָרפּיין, איינער פון דער חברה, וואָס אויף אים האָבן מיר זיך איינגאַנצן פאַרלאָזן ער זאָל אונז ווייזן דעם וועג — מחמת ער איז טאַקע ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק געקומען פון די פּאַרטיזאַנער — לאָזט מיר וויסן, אַז אַלץ איז גינסטיק.

ס'איז אַזוי געווען מיט דעם דאָזיקן יאַנקעלע גאָרפּיין:

ער, אַליין אַ לידער, האָט געהאַט אין געטאָ אַ כלה, אַ איישישקער מיידל. זיי זיינען ביידע דורכגעגאַנגען אַלע שוידערן, פּייניקונגען, אויסמאָרדונגען און געבליבן לעבן. ס'איז געווען זייער אַ שיינע ליבע צווישן זיי. יאַנקעלע האָט זיך מיט אַ צייט צוריק איינער אַליין אַרויסגע'גנב'עט פון געטאָ און איז אַוועק צו די פּאַר־טיזאַנער. דאָרטן האָט ער ניט געקאָנט רוען. זייער שטאַרק געבענקט נאָך זיין כלה.

און ס'איז טאַקע באמת אַ גרויסע העלדישקייט פון אים געווען צו קומען צוריק אין געטאָ נאָך זיין כלה. ס'איז פּונקט ווי צוריקקומען צו דער תליה און אַריינ־שטופּן דעם קאָפּ אין דער פּעטליע. אָבער ס'זיינען געווען אַ סך אַזוינע העלדישע בחורים, און אפילו אַזוינע העלדישע מיידלעך, נאָכדעם וואָס זיי זיינען קוים מיט'ן לעבן אַנטלאָפן פון געטאָ צו די פּאַרטי־זאַנער, האָבן זיי זיך צוריק אומגעקערט ווער נאָך אַ כלה, ווער נאָך אַ שוועסטערל, נאָך אַ טאַטן. ווי איך וועל אייך ווייטער נאָך דערציילן.

הכלל, האָב איך געזאָגט דער חברה, אַז איך וועל באַלד אויך זיין גרייט און איך לויף צוריק צו ראוב'קען נאָך דעם ביקס. שטייט ער אַ פאַרוויכערטער און קאָן בשום אופן ניט אַרויסנעמען די שמאַטע פון דער ליופע. ניט אַהער און ניט אַהין. האָט ער אָנגעגליט דעם שאַמפּאַל (שפּיז) אויף דורכצורייסן די שמאַטע, אָבער קיין זאַך האָט ניט געהאָלפן. און דאָ דערנענטערט זיך שוין די צייט. עס ווערט שוין צוועלף דער זייגער און מאיר'קע פיין קומט צולויפן און זאָגט: נו, מען דאַרף שוין גיין...

— זעסט דאָך אַז אַ אומגליק האָט געטראָפן — דער ביקס איז ניט אין אָרדענונג!

דער סוף איז געווען, אַז דעם ביקס האָט ער ניט געקאָנט אויסרייניקן, און די חברה זיינען אַוועק אָן מיר.

ניין מאַן זיינען זיי אַוועק. אין אַ וואָס פאַר אַ לאַגע איך האָב זיך געפונען קאָנט איר שוין זיך אַליין פאַר־שטעלן.

מיין טאַטן האָב איך דאַ געטראָפן אין געטאָ. דער־זעענדיק מיר, זאָגט ער: איצטער וועט מען אונז קוילענען. דיך וועט מען זוכן אויף דער אַרבעט ביי דער באַן־סטאַנציע, דאָ אין געטאָ קאָנסטו ניט פאַרבלייבן, מחמת דו ביזט ניט רעגיסטרירט. אָבער אָן אַ ביקס האָב איך ניט געוואָלט גיין, ווייל איך האָב געוואוסט פון די מעשיות וואָס מען האָט דערציילט, אַז די פּאַרטיזאַנער קוקן זייער קרום אויף אַ נייעם מענטשן, וואָס קומט צו זיי אָן אַ ביקס. אַ חוץ דעם, קומט אַ ביקס גוט צונוץ אין וועג איידער מען דערשלאָגט זיך צו די פּאַרטיזאַנען. אויב זיך שוין יאָ אַרויסרייסן פון געטאָ, איז זיך ניט אונטערגעבן קיין לעבעדיקער, אויב מען טרעפט זיך אָן מיט די רוצחים אויפ'ן וועג. און דערפאַר האָב איך אָן אַ ביקס ניט געוואָלט גיין. יענע נאַכט, נאָכדעם וואָס די חברה זיינען אַוועק אָן מיר, האָב איך געמיינט, אַז איך שטאַרב פון פאַר־דרוס. דער טאַטע האָט געוויינט. איך האָב אים גע־טרייסט און געזאָגט: טאַטע, ערגער זיך ניט, אין וואַלד וועלן מיר גיין סיי־ווי־סיי. מער ניט, ס'וועט געדויערן נאָך אַ טאָג אָדער צוויי. מען דאַרף נאָר געפינען אַ אָרט וואו זיך אויסצובאַהאַלטן די פּאָר טעג. דער געטאָ אין לידע איז געווען אויף פּאַסטאַווסקי און כלאַדנע געסלעך. מיר האָבן געפונען אַ גרוב ערגעץ אין אַ פּאָר־הויז און מיר האָבן זיך דאָרטן באַהאַלטן. אָפּגעלעגן ביז דער צווייטער נאַכט, האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט פון דאָרטן און אַוועק צו ראוב'קען. וואָס איז מיט'ן ביקס? — פרעג איך אים. האָט ער אַ שיינענדיקער געענטפערט אַז אַלץ איז אין אָרדענונג. די ליופע האָט ער אויסגערייניקט דורך און דורך — אַ מחיה. די שמאַטע אַרויסגעצויגן פון דאָרטן שטיק־לעכווייז.

אָבער איך האָב איצט אַ נייע אויפגאַבע, מען דאַרף

זען זיך אָרגאַניזירן אין אַ נייער קאָמפּאַניע. אליין גייט מען ניט. און דאָ גיט זיך אַ עפן אויף די טיר פון ווארשטאַט, און ס׳לויפט גאָר אריין מאיר׳קע פיין און כאַפּט זיך מיט מיר קושן:

— וואָס האָט פּאסירט? — האָב איך זיך דער־שראָקן — ווי קומסטו אהער?

— אוי, זאָגט ער, ווי גליקליך דו ביסט, דו האָסט דאָך אזויפיל מזל! וואָס איז? דערציילט ער מיר אַ גאנצע געשיכטע:

מיר זיינען אַרויס פון געטאָ אַלע ניין מאַן. ס׳איז שטיל ארום אונז. מיר גייען אזוי און טאַפּן די וועג ביז מיר זיינען אָנגעקומען ביז צו די רעלסן פון דער מאַלאָדעטשנער באַן ליניע. אריבערגעשפּרייזט די רעל־סן, אָנגעקומען צו דער ווילנער באַן ליניע אויך אריבערגעשפּרייזט, און אַלץ איז געווען גוט. מיר קומען אָבער צום דזיטיוועך בריק ווי פּלוצלונג האָט זיך געעפנט אַ שיסעריי אויף אונז. זיינען זיך די חברה צולאָפן אין אַלע זייטן. יאַנקעלע׳ס כלה האָט אָבער ניט געקאָנט לויפן, צי מען האָט זי פארוואונדעט צי וואָס, האָט יאַנקעלע זי אַ כאַפּ געטאָן אויף די פּלייצעס און אזוי מיט איר געלאָפן. איך ווייס ניט צי זיי לעבן אָדער ניט. בלויז איך פון דער גאַנצער גרופּע האָב זיך אומגעקערט צוריק אין געטאָ.

***

ס׳זיינען אריבער קאַרגע דריי יאָר, וואָס בערל און זיין פאָטער לוי האָבן געוואָגלט, וואו אַ טאָג וואו אַ נאכט, אין געטאָ, אין וועלדער, ביי קריסטן און צווישן פּארטיזאַנער. מיט דער צייט, זייענדיק ביי די פּארטיזאַנער האָט בערל חתונה געהאט, און צו־זאַמען מיט זיין פאָטער און פרוי דערלעבט די באַ־פרייאונג.

## נאָכן חורבן
### (יולי 1944)

אויף מאָרגן האָבן מיר, איך, מיין פאָטער און מיין פרוי, זיך געלאָזט אויפן וועג קיין אַלקעניק. אויף אַלע וועגן און שטעגן, אומעטום, איבעראַל האָט גע־שטראָמט די רויטע ארמיי, אזוי ווי ס׳רייסט זיך ארויס פון די דאַמבעס אַ שטאַרקער וואַסער. קומענדיק אין דאָרף ניעזדיעל (נאַווידוואַר), ביים צלם אויפן קרייץ־וועג, דערזעען מיר דריי אידן: אברהמ׳קע, יודקע טשערניס דעם פורמאַנ׳ס פון אַלקעניק, קושקע סאַלץ מיט זיין בחור׳ל רפאל׳קע, אויך פון אַלקעניק, אָפּגע־ריסענע, אָפּגעשליסענע, בלייכע, איינגעפאַלענע, אזוי ווי די סקעלעטן. בלויז זייערע אויגן האָבן געגלאַנצט. זיי האָבן זיך ארויפגעכאַפּט אויף אונז קושן: אָט איז דאָך בערל, אָט איז דאָך לייבע, וואו זייט איר געווען? מיין פרוי האָט זיי געגעבן שטיקלעך שאָקאָלאַד, וואָס זי האָט באַקומען פון אַ רויט־ארמייער. האָבן זיי זיך צולאַכט, ווען זיי האָבן דערזען די שטיקלעך שאָקאָלאַד. זיי זיינען ערשט ארויס פון אַ פינצטערן גרוב אויף דער ליכטיקער וועלט, און דאָ מ׳ט אמאָל, מען גיט זיי שאָקאָלאַד! זיי האָבן דאָס ניט געקאָנט באַנעמען.

ווי האָט איר איבערגעלעבט די גאַנצע צייט? — האָבן מיר זיי געפרעגט. האָבן זיי געוויזן אנטקעגן אויף אַ הויז פון אַ פּוילישן פּויער, אַ אָרימער פּויער, ער האָט זיי אויסבאַהאַלטן די גאַנצע צייט זינט דער איישישקער שחיטה. ער האָט אויסגעגראָבן ביי זיך אין שייער אַ גרוב, געמאַכט אַ בונקער, פאַרמאַסקירט, און ער האָט זיי געטראָגן עסן אַלע טעג. נו, און וואו איז דיין ווייב, דיין טאָכטער? — פרעגן מיר ביי קושקע סאַלץ.

פירט ער מיר אריין אין הויז צום פּויער און ווייזט מיר ווי זיין פרוי יאָכקע ליגט אויף אַ באַנק און דער־קענט שוין קיין מענטשן ניט. זי איז פשוט אַראָפּ פון זינען אין פינצטערן בונקער. מען האָט זיך ניט געקאָנט מיט איר צונויפרעדן. איר טאָכטער רבקה האָט אויסגעזען גאַנץ גוט (רבקה האָט פאַראיאָרן חתונה געהאט מיט אַ איישישקער יונגנמאַן).

מיר האָבן פאַרבראַכט אין הויז אַ היפּשע צייט, זיך אַראָפּגערעדט פון הארצן. באַדאַנקט דעם פּויער, מיר האָבן אים געשענקט אַ פּעלצל, אַ קורטקע, אַ קאָל־דריטשקע (אַ דעקע). דעם פּויער׳ס הויז, אַ כוטאָר, אַ קליינינקער, אָפּגעזונדערט פון אַלע אנדערע הייזער. אַ אָרעם פּויערל, אַ אויסגעדאַרטער, אין לאַפּטשעס, אָן קונצן. זיין ווייב אויך אַ קליינינקע, אַ דאַרינקע, מיט אַ האַלבן טוץ קינדערלעך. פאַר דער צייט, וואָס ער האָט אויסבאַהאַלטן די אידן אין זיין כוטאָר, זיינען געקומען צו אים דייטשן, ליטווישע פאַשיסטן, פּוילישע פאַשיסטן, מען האָט געזוכט, געגנישטערט ביי אים. עפּעס האָט מען געהאַט אויף אים אַ פאַרדאַכט. אָבער ס׳איז אַלץ אריבער בשלום. שפּעטער מיט עטלעכע טעג האָבן מיר דעם דאָזיקן פּויער ארויסגערופן קיין אַלקע־ניק און אים אָנגעלאָדן מיט מתנות. מיר האָבן אים אויפגעלייגט אַ גאַנצן וואָגן מיט מעבל פּאַרשידענע און קליידער און אויך אים געגעבן אַ פעטע מעלקנדיקע קו. וואו האָבן מיר געקראָגן די אַלע זאַכן? אָפּגענומען ביי פאַשיסטישע ליטווינער, וואָס האָבן זיך אָנגערויבט מיט יידיש גוטס.

***

מיר זיינען אַלע איינגעשטאַנען אין יאָשע זוביסקעס שטוב. זי איז געווען אַ ליידיקע כמעט, בלויז טאַמאַשקע דער שוסטער האָט געוואוינט אין קיך.

ווען ס׳איז געקומען ביינאַכט, איז געווען אזוי מאָדנע צו זיין אין אַ הויז, די איינציקע יידן אין אַ

גאנץ שטעטל. אַלקעניק איז כמעט געווען ווי מיין געבורטס־שטאָט. דעקשניער קאַלאַניסטן און אַלקעניקער יידן זיינען געווען כמעט איינס. אין אַלקעניק האָב איך געהאט פונקט אזויפיל חברים, ווי אין דעקשניע, און פלוצלונג גיט מען זיך א טראכט, אז מען איז דער איינציקער לעבן־געבליבענער פון אזוי פיל חברים פון דער יוגנט, און עס קומען מיר ארויף אויפן געדאנק יאנקל, משה, ראובקע און נאָך און נאָך. און איך אליין גלויב זיך ניט, צי איך לעב אויף א אמת'ן, צי גיי איך ארום אין דעם עולם התוהו...

## אין דער קאַלאַניע דעקשניע

אויף מאָרגן אינדערפרי זיינען מיר אוועק אין דער קאַלאַניע אלע דריי: איך, מיין טאטע און מיין פרוי. עס האָט געקלאפּט דאָס הארץ: וואָס וועלן מיר דאָרטן טרעפן, און וועמען וועלן מיר דאָרטן טרעפן?

אויף דעם דאָזיקן וועג בין איך דאָך אזויפיל מאָל געגאנגען אהין און צוריק. אויף דעם דאזיקן וועג האָבן מיר דאָך געפירט פורן היי פון די אַלקעניקער לאַנקעס, און מיר האָבן געזונגען לידער. אויף דעם דאָזיקן וועג בין איך מיט מיין שרה'ן, איידער מיר האָבן חתונה געהאַט, געגאנגען שפּאצירן אין די שבתים און אין די ימים טובים. דער זעלביקער וועג, די זעלביקע בוימלעך, די זעלביקע קוסטעס — קיין זאך זיך ניט געענדערט. נאָר מיר באגעגענען שוין ניט קיין אידן־קאַלאַניסטן, וואָס פלעגן פאָרן, אָדער גיין צופוס, אין שטעטל אַלקעניק, און זיך גריסן איינער מיט'ן אנדערן. מיין טאַטע און איך זיינען די לעצטע צוויי אידן פון דעקשניע וואָס טרעטן נאָך אויף דעם דאָזיקן וועג.

דער שטויב, וואָס מיר הויבן אויף מיט אונזערע שטיוול, פארקריכט אין די נאָז־לעכער. ס'איז היימישער שטויב. עס דערמאנט מיר מיין קינדהייט, ווען איך בין געלאָפן א באָרוועסער אין שטויב.

מיר גייען אלע דריי שטארק־באוואפנטע. איך טראָג א אויטאָמאט. נאָך יענעם אויטאָמאט, וואָס איך האָב צוגענומען פון א גע'הרג'עטן דייטש, בשעת זייער גענעראַלער אָבלאווע, איך האָב אויך גראנאטן. מען קאָן ניט וויסן, אפשר וועלן די וואָס האָבן צוגערויבט אונזערע הייזער און אונז אָנגעטאָן אזוינע פייניקונגען, אונז דערזען, און אונז וועלן שלעכטס טאָן.

מיר קומען נענטער און נענטער. אָט זעען מיר פונדערווייטנס דעם דאַך פון דער שול. אָט דערזעען מיר דעם טאטנ'ס צוויי־עטאזשנע שטוב, געפארבן אין הימל־בלוי קאָליר. אָט דערזעען מיר דעם בלעכענעם דאַך פון מיין שטוב, וואָס שיינט ווי זילבער.

און עס טוליעט נאָך א האָפענונג, אַז אפשר אריינ־קומענדיק אין דעקשניע וועלן מיר אנטרעפן עפעס יידן.

אויפ'ן וועג באגעגענען מיר ליטווישע פויערים. זיי קוקן אויף אונז מיט מורא און מיט וואונדער. זיי באגריסן זיך מיט אונז, אָבער מיר דרייען אוועק די קעפּ פון זיי.

מיר קומען אריין אין סעלא דעקשניע. עס לויפן זיך אָן פויערים, אָבער ניט די שולד'יקע, די יעניקע, וואָס האָבן זיך באזונדערס נוקם געווען אָן די אידן, יענע האָבן זיך באהאלטען.

פונוואנעט האָט איר זיך גענומען? — פרעגן זיי ליבליך.

מיר לעבן און גאָר — ענטפערן מיר, און ווילן מערער מיט זיי ניט רעדן. דער טאטע איילט זיך צו זיין הויז, און איך מיט מיין פרוי איילן זיך צו אונזער הויז. עס באגריסן מיך די וויינפערלעך. אלע בוימלעך זיינען שטאַרק רויט. די בינען פליען צו דער ארבעט אהין און צוריק, און זיינען זייער פארנומען. איך גיי ארום איבער'ן גראָז און איך ווין: אָט דאָ צווישן די בוימער האָט מיין ריווע רחל'ע געטאַנצט. אָט דאָ האָט מיין ווייב די בלומען בייטן באגאָסן.

אין הויז — דאָס מעבל איז שוין ניטאָ. עס זיינען נאָר געבליבן די וואזאנעס. פופציק טעפּ מיט וואזאנעס האָבן מיר געהאַט אין הויז. מיין פרוי האָט זייער ליב געהאַט וואזאנעס. זיינען אלע פופציק טעפּ געבליבן. דער ליטווישער פויער מאצקא סאבאליוניס, דער זעל־ביקער וועמען איך האָב אריינגענומען אין מיין הויז נאָך דער פוטשקארניער שרפה און איז דערנאָכדעם געוואָרן מיין יורש, ער לויפט מיר אנטקעגן, בוקט זיך ב'ז'ן גארטל, וויל זיך מיט מיר גריסן. איך האָב אָפּגעקערט מיין פנים פון אים. איך וויל צו אים ניט ריידן. איך גיי פון צימער צו צימער, ארויף אויפן בוידעם, דערנאָכדעם ארונטער אין קעלער. גאָרנישט געבל'בן. די בעטן, די שאפעס, די טישן, די לאָמפּן מיט די ליוסטערס — אלעס פארשוואונדען.

אין קעלער האָב איך אויסגעגראָבן דעם סעקרעט. דעם סעקרעט האָט קיינער ניט גערירט. דאָרטן זיינען געווען אין א טיי־פושקע פארבאהאלטן מיין פרויס גאָלדענע פינגערלעך און אויערינגלעך.

איך האָב נאָך געהאט א צווייטע הויז, גע'ירשנ'ט פון זיידן. זי איז געשטאַנען איבער דער גאס. דאָרטן האָט געוואוינט פון לאנגע יאָרן א ליטווישע פרוי. מאגרע די טויבע, זי האָט מיך אריינגערופן און מיר דערציילט זייער א סך איינצלהייטן.

זי האָט מיר דערציילט, ווי מאציקא סאבאליוניס, ווען ער האָט חתונה געמאכט זיין טאָכטער, האָט ער געגעבן נדן — אלע אונזערע קישנס, פערענעס און קאָלדרעס. דאָס מעבל האָט ער ארויסגעפירט און פארקויפט. איין קו האָבן זיי געקוילעט, די צווייטע קו האָבן זיי פארקויפט צו די דייטשן. די דריטע האָבן

זיי אוועקגעגעבן זייער טאָכטער א. אז. וו. און ווייטער.

איך בין געגאַנגען אין אנדערע אידישע הייזער, וואס די פוטשקאַרניער שכנים האָבן גע'ירשנ'ט. דאָס זעלביקע אין אלע אנדערע אידישע הייזער.

## די האַנט פון נקמה

זאָג איך צום טאַטן: טאַטע, פון איצט אָן און ווייטער וועלן מיר ניט רוען, ביז מיר וועלן אויסראָטן אלע וואָס האָבן געקוילעט אונזערע יידן. רופט זיך אָפּ מיין טאַטע: זאָגסט רעכט, מיין זון. אויף דערויף זיינען מיר געבליבן לעבן, אויף צו נעמען נקמה פון די באַנדיטן.

אין דעקשניע האָב איך אָפּגענומען די לעצטע קו, וואָס איז נאָך פארבליבן פון אלע מיינע בהמות, אָנגע־לאָדן אויף א וואָגן נאָך שטוב זאכן און אוועקגעפאָרן קיין אַלקעניק צו זוביסקען אין שטוב. דערנאָך בין איך אוועק צו דער סאָוויעטישער שטאַטישער מאכט און דערקלערט, אז איך וויל העלפן אויסראָטן אלע פאַשיס־טישע עלעמענטן, וואָס זיינען פארבליבן אין געגנט ארום. מען האט מיר גלייך באַשטימט אלס געהילפס־קאָמענ־דאַנט פון אלקעניק. האָב איך די ערשטע זאַך גענומען א ראָטע רויטע־ארמייער און אוועק מיט זיי קיין דעקשניע. איך האָב ארומגערינגלט די גאַנצע קאָלאָניע, און מיר זיינען געגאַנגען זוכן די אקטיווע פאָגראָמ־שטשיקעס. זיי האָבן זיך שוין ניט געקאָנט פון מיר אויסבאהאלטן, ווייל איך האָב שוין געוואוסט אלע סעקרעטן און פארבעהעלטענישן. ארום 25 פאַשיסטן האָבן מיר ארעסטירט און אוועקגעפירט קיין אַלקעניק. א באזונדערע פאָרשונגס־קאָמיסיע האָט זייער גענוי דורכגעשטודירט זייערע פארברעכנס. מיר האָבן גע־בראַכט א סך ליטווישע פויערים אלס עדות, און די 25 ארעסטירטע האָבן זיך אין אלץ מודה געווען, און מען האָט געטאָן מיט זיי לויטן געזעץ פון דער גערעכטיקייט.

נאָכדעם בין איך אוועק מיט דער ראָטע רויט־ארמייער אין דאָרף טשיזשוני, נעבן אַלקעניק. דאָרטן האָבן מיר ארעסטירט פופצן פאָגראָמשטשיקעס, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער איישישקער שחיטה, און אויך זיי האָבן באקומען וואָס זיי האָבן פארדינט.

אין צווישן־צייט זיינען נאָך ארומגעגאַנגען גרופעס דייטשן, וואָס האָבן זיך געוואָלט דורכרייסן דעם פראָנט, ווייל דער פראָנט איז געווען ניט ווייט ארום אליטע, ביים ניעמאַן. האָבן מיר טאָג און נאכט זיי אויסגע־שפירט, און זיי געכאַפּט אין די וועלדלעך און אין די קוסטעס, און זיי געבראַכט צו דער מיליציע.

(דערציילט: בערל ליפשיץ פון דעקשניע־סעלא,
פארשריבן: כאווער־פאוועך אין אַ אַמעריקאַנער צייטונג)

# ווי אזוי איך האָב זיך געראַטעוועט

**(פראַגמענטן פון דער דערציילונג „די האַנט פון נקמה")**

## איך אנטלויף פון שפּיטאָל

איך האָב זיך ארויסגעכאַפּט פון איישישקער שפּי־טאָל, וואו די רוצחים האָבן פאר מיינע אויגן דער־מאָרדעט מיין פרוי מיט מיין קינד. איך גיב א קוק: די גאַנצע שטאָט איז ארומגערינגלט פון שאוליסטן. בין איך אריין צו יצחק בוגזאַן אין הויז און רוף זיך אָפּ:

— לאָמיר אנטלויפן, ווייל ס'איז שלעכט.

זאָגט ער: ס'איז ערב ראש השנה, איך וועל ניט לויפן. וואָס ס'וועט זיין מיט אלע יידן וועט מיט מיר אויך זיין.

האָב איך געכאַפּט א קאָשעק (א קערבל) מיט א קאַפּאַטשקע, מיט וואָס מען גראָבט קארטאָפל, און איך האָב זיך געלאָזט צום פעלד. די ליטווישע וואַך האָט מיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט: וואוהין גייסטו? האָב איך געזאָגט: איך גיי גראָבן קארטאָפל, איך קער זיך באלד אום צוריק. האָבן זיי מיך דורכגעלאָזן. בין איך ארויף אויפן פעלד, געמאַכט זיך, ווי איך גראָב קאַר־טאָפל און לייג זיי אין קאָשעק. די וואַך האָט מיר א צייט נאָכגעקוקט, אָבער אין א ווייל ארום האָט מען מיך שוין מערער ניט נאָכגעקוקט, און איך בין געגאַנגען מיט'ן פעלד אלץ ווייטער און ווייטער, ביז איך האָב זיי פארלוירן פון אויג. האָב איך אוועקגעוואָרפן דעם קאָשעק מיט דער קאַפּאַטשקע און זיך געלאָזט לויפן. איך בין געלאָפן אַ גאַנצן טאָג איבער בלאָטעס צווישן וועלדער, אָן א וועג, און איך האָב געהערט פון איישיש־קער ריכטונג שיסערייען.

איך האָב אָנגעטראָפן אין וואַלד א ליטווינער און אים געפרעגט: וואו איז דער וועג אויף ראַדון?

האָט ער אויסגעגלאָצט אויף מיר א פאָר אויגן און זאָגט צו מיר: ווייסטו ניט, אז מען שיסט אלע אידן ווי די הינט? זאָג איך: איך ווייס ניט פון דעם. זאָגט ער צו מיר: טו אויס די שיך. גיב איך אים א מעסט אָפּ און זע, אז ער איז א גאַנץ הויכער און א שטאַרקער, אָבער די שיך וויל איך ניט אויסטאָן. לויפט ער צו צו מיר און וויל מיך א כאַפּ טאָן ביים האלז, איך האָב אין די הענט געהאַט א שטעקן, וואָס איך האָב פריער אָפּגעבראָכן פון א בוימל. האָב איך אים פארפאָרן מיט'ן שטעקן איבער די אויגן און איך האָב גענומען לויפן.

וואוהין איך לויף, האָב ניט געוואוסט. שוין באַלד געווען נאכט. איך בין געווען זייער מאַט און צעשראָקן, הונגעריק. קום איך אזוי אָן אויף אַ לאַנקע, דערזע איך, ווי אויף דער לאַנקע גייט א קריסט מיט א רייף אויף צו כאַפּן פערד. פרעג איך אים: ווי ווייט איז ראַדון? זאָגט ער: 16 קילאָמעטער. און פון איישישאָק קיין ראַדון איז אינגאַנצן צוועלף קילאָמעטער. הייסט דאָס, אז איך האָב פארבלאָנדזשעט און בין ווייט אוועק.

זאָג איך אים: פיר מיר אָפּ קיין ראַדון, וועל איך דיר אוועקגעבן מיינע שיך. זיי זיינען געווען נאָך נייע שיך. יאָ, מאַכט ער, אָט גיי איך נעמען מיין פערד, וועל איך דיך אָפּפירן, וואַרט.

און ער ווייזט מיר אויף זיין שטוב פונדערווייטנס, איך זאָל דאָרטן וואַרטן.

דורך א וואַסער וועג וועסטו מיך פירן קיין ראַדון? פרעג איך אים. דורך איישישאָק — ענטפערט ער. זאָג איך: ניין, ניט דורך איישישאָק, אפשר האָסטו א אנ־דערן וועג. ער האָט לאַנג געקלערט און געזאָגט, אז ער האָט א אנדערן וועג. איך בין אוועק צום קריסט אין שטוב, און ער איז אוועק נאָכ׳ן פערד. אינעווייניק אין שטוב טרעף איך אָן זיין ווייב. זאָג איך איר, וואָס איך האָב אָפּגעמאַכט מיט איר מאַן. זאָגט זי גאָרניט, שווייגט און קוקט אויף מיר. און דאָ ווערט שוין נאכט, און די שיסערייען פון דער איישישקער ריכטונג ווערן שטאַרקער און שטאַרקער.

## דער ישוב׳ניק

איך וואַרט און וואַרט, און ער קומט נאָך אַלץ ניט מיט׳ן פערד. האָב איך שוין געטראַכט, אז איך וועל שוין ניט וואַרטן אויף אים. אָבער דאָ קומט ער אָן מיט׳ן פערד, זעצט זיך ביים טיש און עסט זיך רואיק זיין וועטשערע. אז ער האָט אָפּגעגעסן זאָג איך צו אים: פארוואָס שפּאַנסטו ניט דעם פערד? זאָגט ער צו מיר: דו וועסט ניט פאָרן. פארוואָס? פרעג איך אים. זאָגט ער צו מיר: ווי קאָנסטו מיר זאָגן איך זאָל פאָרן, אז ס׳איז שוין פינצטער. זאָג איך צו אים: איך וועל דיר געבן אחוץ די שיך אויך מיין רעקל, פיר מיך אונטער כאָטש א העלפט וועג. רופט זיך אָפּ די ווייב זיינע: אז דו וועסט אפילו געבן מיין מאַן טויזנט זלאָטעס, וועל איך אים אויך ניט לאָזן פאָרן. האָב איך גענומען ארויסגיין פון שטוב, האָט ער זיך געשטעלט נעבן דער טיר און לאָזט ניט, און הייסט מיר, אז איך זאָל נעכטיקן ביי אים. טראַכט איך: פארוואָס גייט דאָס אים אזוי אין לעבן, איך זאָל נעכ־טיקן ביי אים? מסתמא וויל ער מיר שלעכטס טאָן, בשעת איך וועל איינשלאָפן. האָב איך אָנגעהויבן קלערן זייער גיך וואָס צו טאָן, ביז ס׳איז מיר איינ־געפאַלן א געדאַנק און איך זאָג אים: יאָ, איך וועל נעכטיקן ביי דיר. איך בין טאַקע זייער מיד, אָבער גיי טראָג מיר אריין פון שייער אביסל שטרוי.

ער איז אוועק צום שייער נאָך שטרוי, האָב איך געגעבן א שפרונג צו דער טיר, און זיך געלאָזט לויפן, איז זיין ווייב אויך גלייך ארויסגעלאָפן און אָנגעהויבן צו׳ שרייען:

— יאַנקאַ, זשיד אוטשעקאל! (יאַנקאַ, דער איד איז אַנטלאָפן).

האָט ער עפּעס געכאַפּט אין די הענט אריין און גלייך נאָך מיר. בין איך אריבערגעשפּרונגען די קוס־טעס. ס׳איז געווען שטאַרק פינצטער, און איך האָב זיך באַהאַלטן הינטער א קוסט. הער איך ווי זיי זוכן מיך ארום און ער שעלט זיין ווייב:

— „קאַב טי ספּוכלאַ, טשעמו טי דווירו ניאַ זאַמ־קנולאַ" (הלוואי זאָלסטו געשוואָלן ווערן, פארוואָס האָסטו די טיר ניט פארשלאָסן!).

דאַן בין איך געלאָפן און געלאָפן, ביז ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן. געהאַלטן מיינע שיך אין די הענט און אזוי געלאָפן. וואוהין לויף איך, ווייס איך ניט. איך דערזע פּלוצלינג אויפן וועג א איד, א ישוב׳ניק, ווי ער טראָגט צוויי לאַדישעס מילך. זאָג איך אים: וואוהין טראָגט איר די מילך? זאָגט ער:

מען הרג׳עט דאָך אידן אין איישישאָק, טראָג איך די מילך באַהאַלטן ביי א שכן, א קריסט. זאָג איך צו אים: א כפּרה די מילך, גיט א וואָרף די מילך און לאָמיר אַנטלויפן. ניין, זאָגט ער, ס׳איז אַן עבירה די מילך... לאָמיר לויפן, זאָג איך אים, מיר זיינען אומגליקליך. מען האָט געהאַרגעט מיין פרוי און מיין קינד. זאָגט ער: די ווייב מיינע האָט אוועקגעטראָגן א פּעקל זאַכן באַהאַלטן ביי אַן אָרנטליכן גוי. ס׳איז א קילאָמעטער ווייט פונדאַנען, און איך קאָן ניט אַנט־לויפן אָן איר.

האָב איך גערעדט מיט אים צוזאַמען אויף זיין פרוי. און ער האָט מיר געגעבן זיך אָנטרינקען מיט מילך פון א לאַדיש. ער דערציילט מיר דערווייל, אז ער איז א שמיד און וואוינט דאָ אין דאָרף באַרטניק, און אז ס׳איז זעקס קילאָמעטער פון ראַדון. מיר וואַרטן און וואַרטן, און זיין פרוי זעט מען ניט. האָב איך אים געבעטן, ער זאָל מיר ווייזן דעם וועג קיין ראַדון און איך האָב זיך שוין אליין געלאָזט לויפן.

איך בין אָפּגעלאָפן א צוויי קילאָמעטער, האָב איך דערזען פונדערווייטנס, אז ס׳פאָרט א פור מיט אידן. און דאָ האָב איך שוין מערער ניט געקאָנט לויפן, ווייל ס׳האָט זיך מיר אָנגעריבן א פוס, און ס׳האָט געבלוטיקט. האָב איך אָנגעהויבן שרייען, און די פור האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער קריסטליכער בעל עגלה האָט מיך ניט געוואָלט נעמען, ביז איך האָב אים אָפּגע־געבן מיין רעקל. די אידן אויף דער פור זיינען אַלע

געוועזן פון איישישאָק, און זיי האָבן מיר דערציילט, וואָס ס'טוט זיך דאָרטן, ווי מען האָט געבראַכט פון דעקשניע, פון לייפון, פון אָלקעניק, אלע יידן און מען האָט זיי פארשפארט אין די שטאלן און בתי מדרשים, צוזאמען מיט די איישישקער יידן, און ווי ס'זיינען געקומען אין שטאָט א סך מחנות מ'ט ליטווישע פאָליציי.

מיר זיינען געקומען צום ראדונער בריק. אויפן בריק זיינען געשטאנען יידן פון יודען־ראט און מען האָט אונז געראטען, אז מיר זאָלן בעסער זיך לאָזן קיין זשערמוניע, וואָס איז נעבן לידע, מחמת ראדון איז צו נאָענט צו איישישאָק, און די דייטשן וועלן זוכן די יידן וואָס זיינען אנטלאָפן פון איישישאָק אין ראדון.

## איך געפין מיין זון

גיי איך שוין קיין זשערמוניע, דאָס איז 35 קילאָמעטער פון ראדון. די איבעריקע יידן פון דער פור זיינען ערגעץ נעלם געוואָרן. מסתמא האָבן זיי זיך אריינגעכאפט קיין ראדון דורך זייטיקע וועגן. מ'יר האָט דער יודען־ראט פון ראדון מיטגעגעבן א צעטעלע צו די אידן פון זשערמוניע. איך בין געגאנגען צופוס א גאנצן טאָג מיט א נאכט. אויפן וועג האָב איך אָנגעטראָפן קריסטן נאָר זיי האָבן געשוויגן און קיין זאך מיר ניט געזאָגט.

איך בין אָנגעקומען אין זשערמוניע, האָב איך דערציילט וואָס ס'האָט געטראָפן מיט מיר, און גלייך האָט מען ארויסגעשיקט א שליח, א קריסט ער זאָל דערוויסן זיך וואָס ס'טוט זיך אין איישישאָק.

דער שליח, א גוטער קריסט, געוועזן א מילנער, האָט איינגעשפאנט זיין פערד און וואָגן און זיך אוועקגעלאָזט קיין איישישאָק. אין צוויי טעג ארום איז ער געקומען צוריק. פרעג איך אים, וואָס הערט זיך דאָרטן, רופט ער מ'יך ארויס אינדרויסן, ווייזט אויף זיין וואָגן, פארבלוטיקט דורך און דורך, און רופט זיך אָפּ צו מיר:

— אָט, וואָס עס הערט זיך אין איישישאָק!

האָט ער מיר שוין דערציילט, ווי מען האָט גע'הרגעט אלע יידן פון דעקשניע, לייפון, איישישק און אלקעניק, און אז ווען ער איז געקומען אהין און א קוק געטאָן וואָס ס'טוט זיך, האָט ער גלייך געוואָלט אומקערעווען אויף צוריק, אָבער מען האָט אים געצוואונגען צו פירן אויף זיין וואָגן געהרגעטע אידן צו א גרויסן קבר, און דערפאר איז זיין וואָגן פארבלוטיקט.

האָב איך שוין פארשטאנען, אז איך האָב שוין קיינעם ניט פון מיין משפחה און פון מיינע אלע שכנים, און ס'האָט מיר באנג געטאָן, וואָס איך בין געבליבן לעבן. בין איך אוועק קיין לידע. איך בין שוין ניט געגאנגען מיט די זייטיקע וועגן, נאָר מיט'ן הויפט שאָסיי. ס'האָט מיך שוין ניט געארט, וואָס וועט זיין וועט זיין. איך האָב אויך אראָפּגענומען די געלע לאַטעס פון זיך און בין געגאנגען גלייך. ס'זיינען געפאָרן אויפן וועג א סך דייטשן. זיי האָבן מיר אלע נאָכגעקוקט, אָבער מיך האָט שוין ניט געארט, וואָס זיי קוקן מיר נאָך, אלצאיינס. פון זשערמוניע קיין לידע איז פופצן קילאָמעטער. איך קום אָן אהין, רינגלען מיך ארום יידן. דערצייל איך זיי וועגן גרויסן אומגליק, אָבער זיי גלוי'בן ניט. עפעס לייגט זיך זיי ניט אויפן שכל, אז מען זאָל נעמען און הרג'ענען אָן א פארוואָס און אָן א פארוועז.

וואָס ס'האָט מיט מיר ווייטער פאסירט געדיינק איך ניט. איך געדיינק אויך ניט דעם סדר פון די פאס'רונגען. איך געדיינק שוין ניט, וואו איך בין איינגעשטאנען אין לידע און וואו איך בין געוועזן יום כיפור. איך געדיינק נאָר עפעס, ווי איך האָב אָנגעטראָפן א פרוי, וואָס איז אנטלאָפן פון איישישאָק און זי זאָגט מיר, אז זי האָט געהערט פון אנדערע, אז דער דאָקטאָר פון איישישקער שפיטאָל האָט ארויסגעשיקט מיין פרוי חיה'ן מיט'ן קינד קיין ראדון.

פארשטיי איך ניט, איך האָב דאָך אליין געזען מיט מיינע אייגענע אויגן, ווי אָסטראָווסקי האָט זי דערשאָסן און דער פאָליציאַנט האָט דאָס קינד צעשמעטערט אָן דער וואנט.

אָבער פונדעסטוועגן האָב איך זיך אליין שוין ניט געטרויט, געמיינט, אפשר פון שרעק האָט זיך דאָס מיר אויסגעדאכט, אפשר איז דאָס געוועזן גאָר א חלום, ווי ס'חלום'ען זיך אמאָל א מענטשן זייער שרעקלעכע זאכן?

און איך האָב גענומען לויפן אין דער ריכטונג פון ראדון. איך בין געלאָפן א טאָג מיט א נאכט. איך ווייס שוין ניט מיט וועלכע כוחות איך בין געלאָפן. אפילו קיין פערד וואָלט מיך ניט געקאָנט אריבעריאָגן. איך בין שוין געוועזן ניט ווייט, צוויי אָדער דריי קילאָמעטער פון ראדון, ווי פלוצלונג האָב איך באמערקט אויפן פעלד איינער א מאן מיט א פרוי. נאָר זיי זיינען געוועזן ווייטלעך. טוט מיר א גלאנץ: אוי, דאָס איז דאָך מיין זון בערל! אָבער ווי קאָן דאָס זיין? אלע האָבן דאָך געזאָגט, אז ער איז אומגעקומען אין דער איישישקער שחיטה! אפשר בין איך אראָפּ פון זינען, וואָס ס'דוכט זיך מיר אלץ אויס אזעלכע נארישקייטן. פריער דוכט זיך מ'יר אויס, אז מיין פרוי חיה מיט'ן קינד לעבן, און איך לויף דאָ ווי אַ נאַר שוין אַ טאָג מיט א נאַכט, און איצטער א נייע פארבלענדעניש.

אָבער איך לאָז זיך לויפן גלייך אנטקעגן, און איך קום נעענטער, דערזע איך א טויט־בלאסן, די אויגן ארויסגערוקט, די ליפן פארברענט, שווארץ, אָבער ס'איז פאָרט מ י י ן זון, מ י י ן בערל! בין איך שטאַרק צוגעלאָפן צו אים, ארויפגעפאלן אויף זיין האלז און אָנגעהויבן וויינען...

**דערציילט** פון לוי ליפשיץ (דער פאָטער פון בערל'ען)
**פארשריבן** דורך כאווער פאווער, אין א אמעריקאנער צייטונג.

# אויף די בערג פון פאנאר

ווי א עלעקטרישער שטראָם איז דורכגעגאנגען אין פאבריק „עלעקטריק", וואו ס'האָבן געארבעט איבער 80 פראָצענט לעבן־געבליבענע ווילנער יידן, נאָך דער באפרייאונג, די ידיעה, אז די מאכט פון ל. ס. ס. ר. אָרדנט איין א דעמאָנסטראציע קיין פאָנאר צו דעם פארניכטונגס פלאַץ פון ווילנער און פראָווינצער יידן.

מיר זיינען נאָר געציילטע טעג אויף דער פריי. מיר קענען אונדזער פאנאר נישט זען. פאנאר איז אויך היינט, פון זעלנער און אמוניציאנס־לאַגערן פארנומען און באַוואכט.

— פ א נ א ר : ווער פון ווילנע און ווילנער געגנט דערמאָנט דיין נאָמען אָן אַ ציטער ?

— פ א נ א ר ע ר ב ע ר ג ! וואו איז דער מקונן, וועלכער וועט אין ווערטער קענען אויסדריקן די גרויסע קלאָג־ליד איבער דיינע קברים־בערג און וועגן.

הרי פונר, בערג פון פאָנאר ! אל טל ואל מטר ! פאַרשלאָסן זאָל ווערן אייער ערד פאַר רעגן און טוי. פאַר די בלוט פון צענער טויזנטער קדושים וטהורים, הייליקע געלייטערטע, וואָס האָט איינגעזאַפּט אין זיך.

עס זיינען אין גאס ארויס אלע יידן פון ווארשטאַטן, פאַבריקן, קאָאָפּעראטיוון, ביוראָען.

די דעמאָנסטראציע איז אויסגעוואַקסען ספּאָנטאַן אין גאַס פאַרן באַנהויף, וואו מיר גייען פאָרן.

יעדער גרופּע האָט איר צוגעגרייטן וואַגאָן. עס פאָרן אויך מיט פּוילישע לינקערע ארבייטער עלעמענטן.

מיר פאָרן ; די שטימונג איז ווי פארשטענדליך אַ אונטערדריקטע. דער וואונד איז נאָך אַ פרישער. ערשט אַוועק געציילטע טעג ווי מיר זיינען אויף דער פריי. שווער זיך צוצוגעוואוינען צום געדאנק, אז די אלע לעצטע ווילנער לאגער יידן, בערך 3500, וועלכע זיינען איבערגעבליבן און געארבעט אין די לאגערן פון ה. ק. פ., קיילים, „געשטאפּאָ", קריגס לאזארעט, נאָך דער ליקווידאציע פון געטאָ, זיינען געוועזן די לעצטע אומגעקומענע קרבנות, אויף די פאנארער בערג. שאַ, שטיל, קיינער רעדט קיין וואָרט נישט. מען איז נאָר געשלאָסן צוזאַמען, האָבן מיר דאָך אַ בשותפותדיקן גורל און די זעלבע טרויער געשיכטע דורכגעמאכט.

דער באַן בלייבט שטיין אין מיטן פעלד.

דער לאָקאָמאַטיוו האָט אויך דעם זעלבן חשבון געמאַכט, און אינסטינקטיוו שטיין געבליבען.

דאָ ! טאַקע דאָ ! אויף דעם אָרט, פלעגט ער דאָ שטיין בלייבן, נאָר דער אונטערשייד איז אַ גרויסער, און ביי אַנדערע אומשטענדן. דאַן האָט ער קרבנות־קדושים צו דער עקדה געפירט, און ער אליין דורך תליינים — מענטשן פרעסער געפירט געוואָרן.

היינט ! פירט ער אַ באַפרייטע מענטשן־מאַסע, צום הייליקן דערמאָנונגס אָרט, זיי זאָלן אַ חשבון מיט זיך און מיט דער וועלט מאַכן.

און ווען אַ ציטער לויפט דורך אין דיין נשמה, דערמאָנסט זיך, אז דו שטייסט אויף דער זעלבער ערד, דאָ צווישן די זעלבע ביימעלאך און די זעלבע וועגעלאַך, וואו מען האָט זיי, אונדזערע בעסטע און טייערסטע, טאַטעס און מאַמעס, ברידער און שוועסטער, און אונדזערע קינדער, האָט מען געפירט און געטריבן, געשלאָגן און געפייניקט. גאָרניט לאַנג האָט מען פארנאַרט אַהער די אָשמינער און סווינדיאַנער, סמארגאָנער און קרעווער יידן, איבער 4000 קרבנות קדושים, צווישן זיי גדולים און צדיקים, קדושי עליון.

און טאַקע אין דעם אָרט האָבן זיי אַ ווידערשטאַנד געשטעלט, מיט בלויזע פויסטן און אומבאַוואָפנטע קערפּערס, מיט נעגל און ציין אין שונא'ס קערפּער איינגעביסן, און אין ראַנגלעניש פון פייער, מיט בלוט און פלייש, זיינען זיי אָט דאָ צוהאַקטע צושניטענע געפאַלן, אָבער אויך איינציקע געראטעוועטע, געציילטע עדות, געבליבן.

עס איז א ווירקליכקייט, די ווילדע לעגענדע, פון פאַרניכטונגס פלאַץ פאנאר !

פאָנאר ! — דער שרעק־וואָרט פון ווילנער געטאָ — איז אַ פאַקט.

נאָר מען רעדט נישט, עס איז קיין שפּראַך נישטאָ. דו זעסט נאָר ביי איינעם און ביי א צווייטן א פארלאָפענעם טרער אין אויג, וועלכער זוכט אַ אָרט וואו זיך אראָפּצוגליטשן.

3 אַ ז י י ג ע ר ב י י ט אָ ג. מיר שפּרייזן איבערן שאָסיי, איבער די באַן ליניעס. מיר גייען מיט דער וועגל אין דער ריכטונג פון שטעכל־דראָט פארקאַן.

און פלוצלינג א געלאף... מיר לויפן איבער גריבער און צווייגן, איבער אָפּגעזעגטע שטאמען און שטעכיקע דראָטן, און בלייבען שטיין ביים אָפענעם טויער. ביז היינט פארשטיי איך ניט דעם סוד פון אונזער געלאף. זאָל זיין אז אינסטינקטיוו אינערליך, האָט אונז געיאָגט און געטריבן, גערופן און געצויגן צום הייליקן אָרט.

מיר גייען אַריין רעכטס, אין טויער'ל פון שטעכיקע דראָטן, און נישטווילנדיק בלייבן מיר שטיין.

יע! דאָ האָבן שוין די קרבנות געוואוסט אויף זיכער וואוהין זיי גייען; וואוהין זייער גורל האָט זיי פאַר־טראָגן, און זיכער איז אַז אויך דאָ זיינען זיי שטיין געבליבן און געפרעגט וואוהין? און פאַרוואָס?

דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן די לעצטע אינקוויזיטאָרישע פייניגונגען, ערנידערונגען, קלעפּ, און אויסלאַכערייען. דאָ פלעגט מען די קרבנות אויסטון נאַקעט, און צום גרוב פירן אין צענטאלאך און דורך אַ קאָרדאָן כולי־גאַנעס דורכגיין. ווער קען זיך יענע סצענעס בלויז אין פאַנטאַזיע פאָרשטעלן? האָסטו דאָך געהערט פון די איינציק געראַטעוועטע, וואָס זיי דערציילן?

דאָ זיינען אויך געגאַנגען יידן מיט בטחון און גבורה, און מוטיק דרייסט געזונגען „בצאת ישראל״.

— דער טויער, דער פּלאַץ, יעדער ביימל און גרעזל, ווען זיי קענען עפענען אַ מויל און סודות דערציילן, ווער ווייסט צו מיר וואָלטן געווען אומשטאנד דאָס אויסהערן.

עס האָבן דאָ געבושעוועט דייטשע בלוטדורשטיקע בעסטיעס, סאַדיסטישע מענטשן־פרעסער.

און נישט ווייניקער פון זיי, אויך אונזערע שכנים, די ליטווישע איפּאַטינגע — ספּעציעלע גרופּען, די פּאַק־טישע אויספירער פון באַפעל.

מיר גייען גלייך צום בערגל פון דער ערשט־פריש אויפגעעפנטן ברודער־קבר! עס פילט זיך דער ריח פון מתים, פון טויט.

דאָ אויפן בערגל ענטפּלעקט זיך פאַר אונז דאָס אמת׳ע בילד, דאָס לעבעדיקע עדות פון די רוצחישע באַרבאַרישע גרוילקייט.

אָט ליגן פאַר מיינע אויגן, מיינע ברידער און שוועסטער, מיינע נאָענטסטע און טייערסטע, אין אַ קיילעכדיקן גרוב.

אויסגעלייגט מיט א זאָרגעוודיקן ווילדן אָרדנונג.

די אייבערשטע שורה — אַלע מיטן פּנים אַרויף, נאָענט איינס צום צווייטן.

דו דערקענסט אויף אייניקע פּנימער דאָס שפּורן פון די לעצטע מחשבות, דעם גאַנג פון די איבערלעבונ־גען, וועלכער געפינען זיך אין אויסדרוק אין די שטריכן פון פּנים, שטייענדיק ביים ראנד פון לעבן.

אָט זע איך אַ פּנים, א אויסגעמאַטערטן, אָבער א רוהיגן, און אפילו א צופרידענע רוהיגקייט, ווי א מענטש זעט אויס נאָך אַ שווערן ארבייטס־טאָג, ווען ער האָט זיך געלייגט אָפּרוען.

ווער ווייס, אפשר האָט ער זיך קוים דערוואַרט אויף די רייה, געשאָסן צו ווערן; און גליקלאך און צופרידן געווען קריגנדיק ענדליך די קוים דערוואַר־טעטע קויל אין קאָפּ; אויסגעלייזט צו ווערן פון די איבערמענטשליכע פּייניקונגען און יסורים, ווי דאָס צוקוקן ווי ס׳ווערן דערהרג׳ט און פאַרפייניקט זיינע בעסטע און נאָענטסטע.

אָט איז אַ צווייטער פאַרכמורעטער פּנים; ווי ער וואָלט אין מיטן שווערן ראַנגלעניש די נשמה אויס־געהויכט. אַ דריטער — אַ צושראָקענער פּנים, אויך אַ אנגעצויגענער, אַביסל חוצפה־דיק און גאוה־דיקער אויסדרוק. אפשר האָט ער אַריינגעלאַכט און אַריינגע־שפּיגן זיין מערדער אין פּנים אריין.

קוק זיך נאָר גוט צו, וועסטו לעזן זייערע אלע אינערליכע מחשבות און איבערלעבונגען, אין זייערע לעצטע מינוטן.

אייניקע ליגן אין זאַכן, אנדערע האַלב אויסגעטאָן, אסאך בלויז דער סקעלעט. דו זעסט פרויען אין איין פאַנטאָפל, באָרוועסע. פאר זיי — פאר די נאציס און ליטווינער איז אלץ א סחורה געווען — „יידישע זאַכן״.

די צווייטע שורה אונטער זיי, ליגן אלע מיטן פּנים אַראָפּ. ווי ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן זיינען זיי פאַראויס אויסגעלייגט געוואָרן, און געוואַרט אין דער רייה געשאָסן צו ווערן, דאָס רוב האָט באַקומען אַ קאָפּ־קויל.

מיט די, מיט וועלכע זיי האָבן זיך גערייצט, פלעגן זיי שיסן אין אנדערע טיילן פון קערפּער, און אויסרופנ־דיק ווילדע אומענטשליכע געמיינע אויסרופן, שטיין און אָנקוועלן ווי דער קרבן בעט זיך א קויל צו קריגן; גיכער אויסגעלייזט צו ווערן פון יסורים. עס האָט נישט געפעלט קיין ווילדע סצענעס, וועלכע מען קען אפילו אויפן פּאַפּיר נישט ארויסברייינגען.

פיל פון די קרבנות האָבן אויך געשפּיגן אין פּנים די מערדער, אָנגערופן זיי ביי זייער אמת׳ן נאָמען, און אפילו מיט בלויזע הענט און ציינער אין רוצחישע העלדזער איינגעביסן, און געשפּירט דעם תענוג פון די נקמה פון עמלק אין קדוש־השם צוזאַמען. זיי האָבן אין דער רייה אויפן טויט שוין נישט געדאַרפט וואַרטן, זיי זיינען פאַרפייניקט געוואָרן אויפן אָרט.

אָט ליגן אין א ווינקל, אויך אַ פּאָר צענדליק אין אונאָרדענונג אָנגעוואָרפענע איינער אויפן צווייטן, מי־ליטערישע לאנגע שינעלן. דאָס זיינען סאָוויעטישע קריגסגעפאַנגענע.

דער ריח פון טויט צורייסט דעם נאָז, און דאָך שטייסטו אויפן אָרט אַ פאַרשטיינערטער, אָן חושים. עפּעס ליב איז דיר דער אָרט.

אין שטאָט, אין גאַס איז אַ אומעט, אַ חושך; גייסט דורך גאַסן וועלכע זיינען געווען ריין יידישע גאַסן, וואו געשוויבלט האָט מיט לעבן, מיט יידן. היינט אַ אומעט, אַ ייד אויף אַ רפואה נישטאָ. אפילו די הייזער זיינען חרוב׳ע צובראָכענע פאַרזאומערטע.

און דאָ, אַלע דיינע! אָט זיינען זיי, די לעצטע פון די אַקציעס, מיט דיר געלעבט אין ליידן און פריידן,

און אזוי פיל האָבן מיר גערעדט וועגן פאנאר. אנדערע — מיט א ציטער, און אנדערע מיט א ביינקעניש אפילו, און געזאָגט האָט מען: „אוי ווען וועט מען אויסגע־לייזט ווערן פון דעם טויטשרעק". יע, פון שרעק, אבער נישט פון טויט!

ווי מקנא האָט מען געווען דעם געשטאָרבענעם מיט א נאטירלעכן טויט!

באַרג אַראָפּ, ווייטער ל־ינקס, אַנטקעגן, 2 לאַנגע רייהען פון קברים. ביי 20 מעטער די לײַנג, 4 מעטער די ברייט. דערביי אַ קורצערער קבר מיט אַ אויפשריפט — „קינדער קבר". נעבן אים דער קבר פון לעצטן אומגעקומענעם דאָקטער פייגוש.

דו דערמאָנסט זיך די סצענקעס, ווי די קינדער פלעגן זיך רייסן און לויפן צו די מאמעס.

די מאמעס פלעגן זיך בעטן ביי די הענקערס, פריער געשאָסן צו ווערן, כדי נישט צו זען דעם אומקום פון זייערע קינדער. די רוצחים אָבער, האָבן דעם לעצטן פאַרגעניגן זיי אויך נישט פארגינען, און פאַרקערט געטאָן.

ווייטער, אויף די בערגלאַך, גרויסע גריבער, פאַר־שאָטענע, אַלע געוועזענע ברודער קברים, פון וועלכע די מתים זיינען ארויסגענומען און פאַרברענט געוואָרן, בכדי צו פארווישן די שפורן פון רציחה.

העכער, אופן באַרג, בלייבן מיר שטיין ביי אַ גרויסע קיילעכדיקע צעמענטירטע גרוב, 21 מעטער דער דיאַ־מעטער, 7 מעטער די טיף (הויך), אַ גרוב וועלכע איז צוגעגרייט געוואָרן אויף פארמאסקירן בענזין רעזערוואַן פאר דער סאָוויעטישער אַרמיי. אין דעם גרוב האָבן געלעבט און געארבעט ביז 70 יידן און ניט יידן, אויף וועמענס גורל ס'איז אויסגעפאַלן אויסגראבן און פאַר־ברענען זייערע אייגענע ברידער.

מיט דער אויסערליכער וועלט האָבן זיי קיין קאָנ־טאַקט געהאַט. דאָ אין גרוב האָבן זיי געלעבט, געאַרבייט, און געפאַלן. פון 7 פרי ביז 4, אין משך פון דריי מאָנאַט האָבן זיי פארברענט בערך פערציק טויזנט מענטשן.

זיי פלעגן אויסלייגן 2 שטאָק אין שורות צו 40 קערפערס, זיי איבערלייגן מיט האָלץ און סמאָלע. און נאָכן פאַרברענען, צושיטן די אַש און באגיסן מיט פלאַרקע.

אויף דעם צווייטן שטאָק פלעגט מען די מתים ארויפטראָגן אויף אן אייזערנעם לייטער. דער לייטער איז שטיין געבליבן, ביזן היינטיקן טאָג, אַלס עדות פון אַלץ גרויליכקייטן. שווארץ און קלעפּיג פון בלוט איז דער לייטער. ביי די זייטן זיינען נאָך ביז היינט צוגעקלעפּט געבליבענע שטיקלאַך ביינער, יאַסלעס, קנעפּלאַך, אָפּ־געדריסענע פון מענטשן טרופּן, עדות לזכרון ולדראון עולם — צום אייביקן שאַנד. דו קענסט נישט פאַרביי־גיין גלייכגילטיק, עס זאָל זיך דיר קיין פויסטן נישט געמאַכט ווערן קעגן שונא. און דאָך שווייג!

דאָ האָבן די יידן אונטער אַ דייטש־ליטווישער שמירה געארבייט. נאָך דער ארבייט האָט מען זיי אין גרוב אראָפּגעלאָזן, און דעם לייטער ארויפגעצויגן. פון ביידע זייטן גרוב, אויף בערגלאך, זיינען מאָנטירט געווען אייניגע שטאַרקע רעפלעקטאָרן. די ס.ס. לייט האָבן שטארק געהיט זייערע קרבנות־ארבייטער, וועלכע זיינען מיט שווערע קייטן איינער צום צווייטן צוגעשמידט גע־וואָרן. דאָ אין גרוב האָבן זיי געהאָט נאָכעס, אַ אָרט צום שלאָפן אויף ברעטער, אין אַ הילצערנעם צריף, אויך אַ קיך און אַ קלאָזעט האָבן זיי געהאָט.

דעם 29 יאַנואַר 1944 האָבן אַ פּאָר מאַן אָנגעהויבן גראָבן אַ אונטערערדישע הייל. די זאַמד האָבן זיי ארויסגעטראָגן אין די הויזן קעשענס. מיט בלויזע הענט, מיט די עס־לעפל, די הייל געגראָבן. אַ הייל אין דער לײַנג פון 40 מעטער, די הויך 60 סענטימעטער, און ברייט 70 סענטימעטער, אין משך פון 2 און א האַלבן מאָנאט, טאָג איין, טאָג אויס געאַרבעט. דעם 15־טן אַפּריל האָבן זיי געענדיקט די הייל, און לויט א גורל בעדארפט ארויסגיין.

די קראַנקע און שוואַכע צווישן זיי וועלכע האָבן קיין כח ניט געהאַט מיט זיי מיטגיין, האָבן נישט געוואָלט בלייבן אַליין, מורא האָבנדיק פאַר די יסורים וואָס ס'שטייט זיי פאָר, ווייל כל ישראל ערבים — איין ייד איז פאַראַנטוואָרטליך פארן צווייטן. דער ארויסגאַנג פון הייל איז געווען פון צווייטן זייט בערגל, אויף וועלכן ס'איז געשטאַנען די וואַך. דער וועלדל איז געווען ארומ־געצאָמט מיט שטעכיגע דראָט.

צוליב אַ אומפאָרזיכטיקייט איז איינער פון די אנט־לאָפענע געפאַלן. די וואַך האָט דערשפּירט דעם גערויש, און אינמיטן נאַכט געעפנט אַ שיסעריי אויף די אנט־לויפענדע מענטשן. די פּראָזשעקטאָרן האָבן אויף קילאָ־מעטער'ס ווייט באלויכטן.

פון די אנטלאָפענע בסך־הכל 13 יידן און 7 קריגס־געפאנגענע סאָוויעטן, זיינען קוים 4 ביים לעבן געבליבן. צווישן די געפאַלענע איז געווען משה סטרעצאנסקי פון אלקעניק, הי"ד.

דער גאַנצער וועלדל איז „פאַרזייט" מיט נאָזטיכלאַך, טייסטערלאַך, צוריסענע שטיקלאַך געלט פון אַלע וואַ־לוטעס, קעמעלאַך, א. א. אסאַך, זייער אסאַך, דערמאָנט דיר, און זייער אסאך לערנען דיר די אלע קליניגקייטן.

*
* *

אויפן מיטינג האָבן גערעט די העכסטע ליטווישע פערזענליכקייטן. זיי האָבן אגב אורחא אויך דערמאָנט די יידן, וועלכע זיינען דאָ אומגעקומען, אויך די פראָפע־סאָרן פון ליטווישן אוניווערסיטעט, נח פרילוצקי, און עפשטיין, וועלכע זיינען נאָך לאַנגע מאַטערנישן און

פייניגונגען אין די קצלערן פון געשטאפּאָ, געבראַכט געוואָרן אַהער, אין פאנאר.

ווי קאַלט און אומעטיק עס ווערט אויפן האַרצן, ביי די לעבן איבערגעבליבענע הייפל יידן, די שארית הפליטה, ווען דו הערסט נישט אפילו קיין איין קרעכץ פאר יידישע צרות, קיין מיטגעפיל פארן יידישן, ווי אלץ האָט געמוזט אזוי זיין!...

אפילו דאָ אין אונדזער פאנאר, זיינען מיר אויך איבעריק. אלץ געהערט צו זיי, צו גוים; די וועלט, דער לעבן און דער געניוס פון לעבן. פאר אונדז — דעם טויט פאַרגינט מען אונז אויך נישט.

דער איינציקער יידישער רעדנער, דער ווילנער חשובער ד״ר ליבא, האָט געזאָגט אַ פאַר האַרציקע ווערטער, אויך אין זייער שפּראך. און ווען דער מיטינג האָט זיך אָפיציעל געענדיקט מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן און אויסרופן, לכבוד די באפרייער, זיינען מיר, אַ געציילטער מנין לעבן־געבליבענע ווילנער יידן, צוגעגאַנגען צום אָפענעם ברודער קבר, האָבן אַ אזכרה געמאכט נאָך אונדזערע בעסטע און נאָענטסטע, ברידער און שוועסטער, קינדער און עלטערן. אונדזערע נשמות האָבן זיך באהעפט און פאראייניקט מיט די הייליקע נשמות פון אונדזערע קדושים וטהורים פון פאנאר. און צוזאמען אין גרויסן פוסטן וועלט־חלל אריינגעשריען און אויסגערופן „יתגדל ויתקדש שמיה רבא!".

קלמן פארבער

ווילנע, אלול תש״ד, פאבריק „עלעקטריק".

# א נשמה ליכטל

און אנדיינק־ליכטל פאר די הייליקע נשמות פון מיין פאָטער ראובן און מיין מוטער חנה־פייגע הי״ד.

א קליין קינד בין איך דאן געווען ווען מיין זיידע ביניש איז געשטאָרבן. איך בין נאָך ניט געגאנגען אין שול. מיין זיידע האָט מיר זייער ליב געהאט. ער האָט מיר צוגעזען און געגעבן גוטע זאכן און זיסקייטן. איך געדיינק זייער גוט, ווי ער האָט פאַר־כאפט מיין הארץ און געמיט מיט זיינע שיינע מעשה׳־לעך, מיט די קלוגע ווערטלעך, שארפזיניקע רייד און וויצן.

ווען ער איז געווען איבערצייגט, אז איך האָב הנאה, און בין צופרידן פון די מתנות, פלעגט ער אלעמאָל איבערחזר׳ן די זעלבע רייד, און זאָגן צו מיר, זיין קליינינקן איניקל:

— „זאָג מיר מיין קינד: און אז דו וועסט, אם ירצה השם, שוין אויסוואקסן און גרויס זיין, און איך, דיין זיידע, וועל שוין מער ניט לעבן — וועסטו מיר אויך דאן געדיינקען, און וועסט אויך אמאָל א ליכטל אָנצינדן פאר דער דערהויבונג פון מיין נשמה?"

איך בין אויסגעוואקסן, פארלאָזן די היים, און אוועק לערנען וויט פון פריינט און משפחה, דאָרט וואו איך האָב פארבראכט מיינע יונגע יאָרן.

און אז איך פלעג קומען אהיים אויף יום־טוב׳ים צו טאטע־מאמע, האָבן מיר מיינע קרובים יעדעס מאָל דערמאנט דעם זיידנס רייד און זיין צוואה, און גע־פרעגט, אויב איך האָב ניט פארגעסן די לעצטע ביטע פון מיין זיידן ביניש ז״ל?

מיר דוכט, אז היינט, און יעדן טאָג, קלינגט מיר אין מיין זכרון די ביטע און צוואה פון מיין זיידן.

דאָס איז אויך געווען די לעצטע ביטע פון מיינע אומגעקומענע טאטע־מאמע, און די לעצטע ביטע פון אלע טאטעס און מאמעס, מיר זאָלן זייער נאָמען דער־מאנען און פאראייביקן זייער אָנדיינקונג, אמווייניקסטן אָנצינדן א נשמה־ליכטל צו זייער אָנדיינק.

איך בין איבערצייגט און זיכער, אז אין די לעצטע מאָמענטן פון אייער לעבן, ווען איר זייט געשטאנען אויפן שוועל פון לעבן און אומקום, ביי דעם גרויזאמען, שרעקליכן קבר אין איישישאָק, קריינקליכע און אויס־געמאטערטע, דערשלאָגענע און איינזאמע, און איר האָט געמאכט אייער לעצטן און שרעקליכן חשבון־הנפש — איז געוויס געווען אייער געבעט און וואונש פונקט אזוי ווי מיין ביטע, ווען איך בין געווען אין אנ׳ענליכן צושטאנד אין געטאָ און לאגער, אז ס׳זאָל זיך געפינען ווער ס׳זאָל זיך נוקם זיין אָן דעם רשע, אָן דער דייטש־נאצישער ווילדער חיה, און ס׳זאָל פארבלייבן אויף דער ערד א געדעכעניש, וואָס זאָל געדיינקען אָנצוצינדן א נשמה־ליכטל צו דער דער־הויבונג פון אייערע נשמות.

איך דיינק, אז מיט אייער פולקאָמען און ריינעם גלויבן אין גאָט, און מיט אייער פולען גלויבן אין דער אייביקייט פון יידישן פאָלק, האָט איר געוואוסט און געווען זיכער, אז די ריינע בלוט וואָס איז פארגאָסן

געוואָרן פאר זיין הייליקן נאמען איז ניט אומזיסט פארגאָסן געוואָרן. דער אויבערשטער וועגט און ציילט יעדן טראָפּן בלוט, און ס'איז געוויס פאַרזאַן אויף אלץ א משפט און א שופט.

איר האָט געוואוסט, אז די יונגע פלאנצן, וואָס איר האָט פארפלאנצט און זיי דערנאָך געפלעגט און דער־צויגן מיט בלוט פון אייער הארצן און מיט דערהויבנ־קייט פון אייער גייסט — אז זיי וועלן געוויס פאַרערן אייער נאָמען און פאראייביקן אייער אָנדיינק און וועלן געדיינקען אָנצוצינדן א נשמה־ליכטל צו דער דער־הויבונג פון די נשמות פון די הייליקע טאטעס און מאמעס, וואָס זיינען געפאלן אויף קידוש השם. זאָל גאָט נקמה נעמען פאר אייער בלוט!

ק. פ—ר



בני אולקניק היקרים, איכה הלכתם לטבח לפני צר!

# יזכור

א־ל מלא רחמים דיין אלמנות ואבי יתומים, אַל נא תחזה ותתאפק לדם ישראל שנשפך כמים; תן מנוחה נכונה על כנפי השכינה במעלות קדושים וטהורים כזוהר הרקיע מזהירים, את נשמותיהם של אחינו ואחיותינו, בני אולקניק, דקשניה ולייפון היקרים, שנהרגו ושנשחטו ושנשרפו ושנטבעו ושנחנקו ושנקברו חיים, כולם קדושים וטהורים, ביניהם גדולי תורה, גאונים וצדיקים שמסרו את נפשם על קידוש השם, בגן עדן תהא מנוחתם. לכן בעל הרחמים יצרור בצרור החיים את נשמתם, ה׳ הוא נחלתם ויזכור לנו עקדתם; ותעמוד לנו ולכל ישראל זכותם; ארץ אַל תכסי דמם ואַל יהי מקום לזעקתם. בזכותם נדחי ישראל ישובו לאחוזתם. והקדושים לזכרון תמיד נגד ה׳ צדקתם; יבואו שלום וינוחו על משכבותם ונאמר אמן.

★

**יום הזכרון — יארצייט — לקהילות אולקניק**
**דקשניה ולייפון — ד׳ וה׳ תשרי**

# קברי אבות ובנים





בית הקברות בעיירה — נהרס עד היסוד

מימין — מצבתביינוש הקיליקאי, הסבא של משפחות פרבר; באמצע — משפחת פיסטון, משמאל — לזר ווארמן, הי״ד



קבר האחים בוורונובה, בו נקברו פליטי אולקניק, בכ״ד אייר תש״ב

# ראשי משפחות



צבי ומירל סנזניק, הי״ד



יצחק ושרה ברקמן לבית גולדמן, הי״ד





אהרון ורחל דבורצן, הי״ד





אליהו וחיה מנחימומיץ (מנחמי) ז״ל



יוסף ומרים בנק, ז״ל



אברהם ואסנה לוין לבית קרפוביץ, הי״ד



חיים פאקמוסקי ורעיתו, הי״ד

# משפחות אזרנסקי, כץ, שמרקוביץ ולוין



משפחת אוזרנסקי



משפ׳ ל. שמרקוביץ



משפ׳ לייב אוזרל־אנסקי, הי״ד



משפחת יעקב אלעזר לוין ע״י ערש ד״י של אבי המשפחה



חיים כץ, הי״ד



משפ׳ יצחק כץ, הי״ד

# משפחות זוביסקי וחריזטל


צפורה זוביסקי, הי״ד


יוסף ובתיה זוביסקי, הי״ד


יצחק זוביסקי, הי״ד


רייזל זוביסקי לבית סטרלצקי, הי״ד


ישראל׳יק זוביסקי, הי״ד


דבורה שמואלביץ, הי״ד


רייזל ורחל לאה זוביסקי, הי״ד


משה׳לה חריזטל, הי״ד


רחל ומשה׳לה חריזטל, הי״ד

## משפחת מלצמן




השיל צדוק ואיצלה מלצמן, הי"ד



בן־ציון מלצמן ורעיתו, הי"ד




דוד ופרץ מלצמן, הי"ד




פרידה מלצמן לבית נימנצינסקי ובתה נחמה, הי"ד




צבי מלצמן ובתו רחל, הי"ד




שרה פיין לבית מלצמן ובתה לאה, הי"ד

# משפחות ננס, ישור ושמרקוביץ



שלמה וחיה ננס, הי"ד



טיבל נאנעס, הי"ד



משפחת שלמה ישור, הי"ד



משפחת שלמה ננס — כנס משפחתי על גבול פולין—ליטה



פיוול ורייצל שמרקוביץ, הי"ד

# משפחות פולצ׳ק וגרש



צבי ונכל פולצ׳ק, הי״ד



חיים ואידה קרביץ לבית פולצ׳ק, הי״ד



אריה גדעון שיחי׳ ואחיו העשל, הי״ד
ובײלה רבקה קופלמן, הי״ד



משפ׳ מרקל קופלמן ומינה לבית פולצ׳ק, הי״ד



שרה ננס, הי״ד ; צביה ננס ;
אסתר פולצ׳ק, הי״ד



משפ׳ גרש הי״ד



גרוניה גרש, הי״ד

## משפחת פרבר



ראובן וחנה פייגה פרבר, הי"ד



שיינה, דוד'ל, רבקה פרינקל לבית פרבר, הי"ד



יוכבד'ל פרבר, הי"ד



גיטל פרבר, הי"ד



משפחות יעקב פריינקל ופרבר, הי"ד, יב"ל קלמן וצפורה



אברהם לייב פרבר, הי"ד

# משפחות פיין, ריבק, סלבוצקי ושוויאדושץ



משפ׳ שמואל יעקב פיין



פייגה׳ל
שוויאדושץ, ז״ל



משפחות ריבק ופיין



ברק׳ה נפרד
מאמו ינטה׳ל, הי״ד



משפחת פרומק׳ה שוויאדושץ, הי״ד

# משפחות פולק, פריינקל, ביכוויד ומאַשצ׳ניק



משפחת משה פנחס פולק



יונה מאשצ׳ניק, הי״ד



רבקה, הירשל ושיינה פרינקל, הי״ד



משפ׳ ביכוויד ופרבר

# משפחות קרפוביץ, לוין



בנימין קרפוביץ, הי״ד



אהרון ורייזל קרפוביץ, הי״ד



דוד וחנה באשל קארפוביץ, ז״ל



ט. פופקא,
לבית בסוקביץ
ואסנה קרפוביץ, הי״ד



ילדי א. קרפוביץ, הי״ד



משפחת אהרון לייב קרפוביץ, הי״ד



משפחת אברהם לוין, הי״ד

# יחידים ממשפחות



רחל סגלוב, א. פאַפ, מ. פיאטוב, הי"ד
תל"ח א. דבורצן



ברטה איזיקוב, הי"ד



האחים והאחות גגול



אברהם פיסטון, הי"ד



אברהם ברקוביץ, הי"ד



משפ' פיסטון, הי"ד



ח. ה. קגנוביץ, הי"ד

## יחידים ממשפחות



באבצ׳ה וילדה, הי״ד



א. ד. בורמן, הי״ד



שרה לאה טיקאן, הי״ד



ופנר גנס, הי״ד



י. פיטלוק, הי״ד



חקים, הי״ד



ר. טיקאן, הי״ד



יוסף פטליוק, הי״ד



צ. בוטרימוביץ, הי״ד



חיה ברג, הי״ד



חנה קופיטו



שיינה וואפנר, הי״ד

## בני הכפרים סלו (דקשניה) ולייפון, הי״ד



יעקב ליפשיץ, הי״ד



הסנדלר האילם, הי״ד



הסבתא ליפשיץ והנכדה, הי״ד



משפ׳ ב. ליפשיץ וי. יעשור, הי״ד



משפחת יעקב אינגרמן מלייפון, הי״ד



שרה ליפשיץ לבית ישפה הי״ד

## יזכור לבני אולקניק הי"ד

רחוב היהודים (סביבות בית המדרש)

הרב דמתא הגאון מרן ר' **אברהם אהרן** **וולדשן**, ואשתו הרבנית בתיה.

הרב **יצחק וולדשן**, בן הרב הנקרא „דער שערשעווער", מנהל רוחני בישיבת אוהל תורה בברנוביץ, ובנו דוד.

הרב זלדין **יעקב** (מאזירער) חתן הרב, מנהל רוחני בישיבת בית יוסף בלוצק ואשתו חייה לבית וולדשן ובתם שולמית ובנם דוד.

הרב **ברגר חיים** (פארעצער), חתן הרב, ואשתו רבקה רחל לבית וולדשן ובתם שרה ועוד שתי בנות.

זופנר **חיים**, אשתו חייה, בניהם: **מכאל** ואשתו, **אריה** ואשתו וילדיו. **משה** ואשתו.

זופנר דוד, אשתו שיינה, בנותיהם: **פרומה רבקה** בקלריסקי (אשת חיים), וחנה, בנם כלב.

**אברמוביץ** רחל **שפטיל**, בניה: הירשקע, ושייקע, ובתה **אלקה** ובנה.

**טייקן** רייזל, אחיה שמואל.

**טייקן אפרים**, אשתו שרה לאה, בנם אליעזר ועוד שלשה ילדים.

**רבינוביץ יוסף**, אשתו צרנה לבית טייקן, בנם יהודה, ובתם חייה שרה.

**גרודזנציק שמחה**, אשתו נחמה רחל, בנם יחיאל, בנותיהם רבקה, וחייה.

**ווילין בן ציון**, אשתו אסתר לאה, בנם אהרן ועוד בת.

**ווילין יעקב זיסל**, אשתו אסתר ובת אחת.

**ווילין אלעזר**, אשתו וילדיהם.

**ווילין אהרן**, אשתו וילדיהם.

המורה **פנזניק צבי**, אשתו מרים ובנם יוסף.

**פיסטון גישה פייגה**, בתה אסתר, חתנה **מושקין מרדכי**, אשתו גנסיה לבית פיסטון, בניהם אריה וחיים, ובתם אסתר.

**פינזן גרשון**, אחיו אפרים, אחיותיו אלטה וחנה.

**בלון בצלאל**, אשתו הניה, בניהם: שמואל, שמעון, יצחק וירחמיאל (נפל בצבא האדום), בתם שיינה.

**ביילה אלתר'ס** ובתה.

**דבורצן אהרן**, אשתו רחל, בנם **צבי** ואשתו רחל. בניהם עתניאל ומאיר חיים, ובתם איטה ביילה, בתם **שרה** ובעלה המורה מולצדסקי שלמה.

**אייזיקוב שמואל**, אשתו ברטה, בנם יצחק, ובתם.

קופלמן **טייבל**, בתה הניה ובנה ישעיהו.

**אסתר דינה**, בתה **יאכל** וילדתה.

**צירולניק משה מרדכי** ואשתו.

**פיסטון** קיילה, בנה אברהם, בתה דינה רבקה, בתה **פייגל** עם בעלה ושלשה ילדים.

**אבסיוביץ אברהם**, אשתו לאה לבית פיסטון, ובניהם חיים ויוסף.

**שימלביץ שמואל צבי** (איישישקער), אשתו, בתם לאה, ובנם חיים שלמה. בתם **שפרה** בעלה ושני ילדים.

**מאירוביץ אליהו משה**, אשתו פערע.

**ווינר דוד**, אשתו פייגה ליבה, בנם אבא, בתם **רשל** לבית צסלר ובתה מלכה. בתם **שיינה**, בעלה וילדיהם.

**צסלר לייב**, אשתו אסתר, בניהם שיימה, ויעקב.

**קריביצקי יצחק**, אשתו דבורה, בנם חיים, בתם פסיה, ועוד ילדה.
**וולם פסח**, אשתו יהודית לבית קרוק, בנם אהרן ועוד שני ילדים.
**קרוק יצחק יוסף**, אשתו פניה, בנם אהרן ועוד ארבעה ילדים.
**ברזנסקי הינדה** לבית קרוק, וילד אחד.
**ביכוויד דינה**, בנה מנה, ונכדה ברנשטיין נתן.
**ביכוויד שלמה**, אשתו ברטה, בניהם יעקב ושמואל.
**ביכוויד ברוך**, אשתו ושלשה ילדים.
**סלומינסקי לאה** לבית ביכוויד ובעלה.
**ביכוויד אהרן**, אשתו שרה, בנותיהם בליומה, פסיה ושיינה, בנם שמואל, בתם רחל וילדתה.
**פייקובסקי אברהם**, אשתו רבקה לבית ביכוויד וילדיהם.
**שלם קגן** (נהרג במלחמה), אשתו חנה לבית ביכוויד וילדתם.
**ביכוויד זוסמן**, אשתו חייה שרה וילדיהם.
**וולפרוביץ שמואל**, אשתו וילדיו, אחיו אליעזר, אחותו רחל.
**סילנסקי חנן**, אשתו פייגל לבית וולפרוביץ וילדיהם.
**לוי יוסף**, אשתו פסיל (צינה׳ס).
**אזירנסקי אברהם**, אשתו לאה לבית מרגולין.
**מיזרוצקי שמואל**, אשתו חייה, בנם **מתתיהו** ואשתו אסתר.
**זלוצקי יהודית** לבית מיזרוצקי, ובנותיה קיילה ודבקה.
**גורביץ אליקים**, אשתוביילה לבית מיזרוצקי, בנם זכריה ועוד ילד.
**יענקלביץ יוסף**, אשתו יהודית לבית אלפרין, ובניהם, ואחותה **חיעשה** אלפרין.
**לויץ לאה**, בנה ישעיה, בתה רחל.

סימטת טרגובה

**לוין חנה גיטל**, בנותיה טייבקה וחסיה, בנה ראובן, בתה **פייגה לאה**, בעלה וילדיהם.
**פרבר ראובן**, אשתו חנה פייגה, בנם בנימין, נכדתם יוכבד (בת קלמן), נלקחה עם ה„קינדער אקציע״ במחנה ה. ק. פ. בוילנה 1944.
**פרנקל צבי**, אשתו שיינה לבית פרבר, בנם דוד, בתם ביילינקע.
הרב **פרנקל יעקב**, אשתו רבקה לבית פרבר, בנם מרדכי ועוד שני ילדים.
**בלון שרה רבקה**, בתה אטל ובעלה.
**בוטרימוביץ מרדכי**, אשתו דבורה לבית בלון, בתם שיינה, ובנם בנימין.
**שמרקוביץ פייבל**, אשתו רייצל.
**חקים בתיה**, בתה מלכה, ועוד בן.
**חקים שלמה אליעזר**, אשתו צביה, ובניהם. חקים **בן־ציון** ואשתו, חקים **יעקב**, אשתו בת שבע לבית אייזנברג, חקים **ישראל נח**, אשתו חייה לבית קינברום.
**פטלוק אהרן דוד**, אשתו שרה.
**פטלוק משה**, אשתו חינה, בניהם יוסף, קופל, לייב, וקלמן.
**ברגר ברל**, אשתו פרומה לבית פטלוק, בנם אריה, בתם רבקה.

המשך רחוב היהודים

**רדובסקי לייב**, אשתו אסתר, בנם **שמואל**, אשתו ושתי בנות, בתם **מריאשה** בעלה וילדיהם.
**פרבר אליהו שלמה**, אשתו גיטל, בנותיהם שיינה, וקריינה, בנם ברוך.

**פרבר אברהם לייב**, אשתוביילה, ובנם ראובן.
**טיטינסקי מיכאל צבי**, אשתו גיטל לבית פרבר, בניהם שלמה ובײנוש, ובנותיהם חסיה, קריינה, ושרה לאה.
**מן בערל**, אשתו הניה לבית פרבר, בתם ביילה ובנם ביינוש.
**לוין מרדכי**, אשתו יהודית, בתם שרה.
**לוין יוסף**, אשתו גיטל, בנותיהם ליובה, חייה, דבורה, בנם בנימין.
**וורמן אליעזר**, אשתו ביילה לבית לוין וילדיהם. וגיסו **אלפרוביץ יצחק**.
**משצניק יונה**, אשתו חנה לבית לוין, בניהם ביינוש ויצחק.

סימטת הנהר

**קינברום שרה**, בתה בתיה, נכדה ישראל, נכדתה צילה (ילדי מאיר), נלקחו ב„קינדער אקציע" במחנה „קייליס" ב־1944 בוילנה.
**גגול נחום**, אשתו איידל לבית קינברום, בתם שיינה, בנם ישראל.
**צפנת אליעזר**, אשתו אסתר לבית קינברום, בתם שולמית.
**ברנוב יוסף**, אשתו רות, בתם שושנה, ובנם שמעון.
**זילין חיים דוד**, אשתו ליבה, בנותיהם אלטה, **ורשקה** ובעלה.
**מאירוביץ שרה**, בנה **משה**, אשתו לאה לבית אזרלנסקי.
**דינר פייגה**.
**מרגולין זלדה**, נכדיה ישראל גלימפולסקי ורבקה ננס.
**מרגולין מנוס** ואשתו.
**מנדל** (תהלים זאגער) ואשתו, גיסו **חיים** (דער ווילנער) ואשתו.
**לים דוד משה**, ואשתו שרה פרקה וילדיהם.

המשך רחוב היהודים

**סלובוצקי ינטל**.
**מלצמן השיל צדוק**, בניו: **בן־ציון**, אשתו רחל, בנם גדליהו, **דוד**, אשתו וילדיהם, **פרץ**, אשתו יאכל, בנם שלמה, בתם גיטל.
**פיין מאיר**, אשתו שרה לבית מלצמן, בתם לאה ועוד ילד.
**נמנצנסקי שמואל**, אשתו פרידה לבית מלצמן, בתם נחמה.

רחוב השוק (מצד מזרח)

**ישור שלמה**, אשתו חנה, בנם **יוסף**, אשתו רחל לבית מגדובסקי, בניהם לייב, מנוס, אייזיק.
**וולפינסקי אידל** (נהרג באוסטרוקוניץ), אשתו שיינה לבית ישור וילדיהם.
**ישור יעקב**, ובנו משה.
**סטרנין זליק**, אשתו זניה, בנם **שאול**, אשתו ליובה, וילדתם.
**דבורצן משה**, אשתו מינה, בנם יצחק, בתם **מרים**, בעלה וילדיה.
**סווידושץ מרדכי**, אשתו ובניהם הנך ואברהם.
**אפלבוים שלמה**, אשתו פרומה לבית סווידושץ, בנותיהם רבקה, פרידה, ובנם אפרים.
**סטרצנסקי משה**, אשתו רבקה לבית סווידושץ.
**פיין שמואל יעקב**, בנו משה לייב, בנו **מנוס**, אשתו מאשה לבית פולצק.

**גולדמן יחיאל משה**, אשתו רחל לבית פיין, בנותיהם לאה ופרידה.
**טרקינסקי ירחמיאל**, אשתו אידה לבית פיין, בנותיהם שרה, וחוה.
**רייבק אסנתביילה** (אשת דוד), בנותיהם שרה ומאשה, בניהם אברהם ויוסף.
**מנהימוביץ דוד שלמה**, אשתו מרים לבית נוביק, ובנם משה שמעון.
**לוין איסר**, אשתו רבקה, בנו **יצחק**, אשתו וילדתו.
**גויסר חייה שרה** לבית לוין, בעלה וילדתם.
**זנדמן חייה**, בתה רחל.
**לוין אליושה**, אשתו אסתר לבית זדנמן ובנם דוד.
**טייץ טייבל**, בניה: מנוס, ויעקב, בנה **אברהם**, אשתו דבורה לבית דבורצן.
**לוין ראובן** (זאוול'ס), אשתו יאכל לבית בלוך וילדיהם.
**בלוך איסר** (נספה ביערות סיביר), אשתו פרומה וילדיהם.
**רובינשטיין דוד**, אשתו מאריאשה וילדיהם.
**כץ יצחק**, אשתו רשל, בניהם אליהו לייב (נפל כפרטיזן) וחיים.
**אזרלנסקי לייב**, אשתו חנה חייה, בנם **משה**, אשתו שרה לבית לוין וילדיהם.
**מינקובסקי שלמה**, אשתו אידה לבית אזרלנסקי וילדיהם.
**ברז שלמה** (נהרג בדרך לאיישישוק), אשתו דינה.
**ננס שלמה**, אשתו חייה, בתם **טניה לאוקניצקי**, בניה, בנימין ויוסף ובתה לאה.
**ברקובסקי חיים**, אשתו שרה לבית ננס, בנם צבי, בנותיהם בתיה ודבורה.
**צפנת ביכה גיטל**, ובתה **בוניה** ובעלה ושני ילדים.
**ציפין משה**, אשתו חוה לבית רבין וילדיהם.
**רבין משה לייב**, אשתו גניה, בנותיהם רבקה, ונוסיה.
**רבין אליעזר**, אשתו וילדיו.
**בנסקי אלתר**, אשתו שיינה וארבעה ילדים.
**שהור מנוחה**, בנותיה רבקה, ודוברושקה, בנה שלמה.
**קפיטא מרדכי**, אשתו שרה, בנם יצחק, ובנותיהם חנה **ורבקה בלוך**, בעלה וילדיהם.
**סילנסקי אליהו**, אשתו וילדיהם.
**בוזגן ריבה**, בנה **שמחה**, אשתו גרוניה לבית פולק, בנם דוד, ובתם דבורה.
**גנס עזריאל**, בנו **דוב**, אשתו וילדיהם, בנו **אליעזר** ואשתו.
**בקלריסקי יהודה ברוך**, אשתו אטה פייגל, בנם **משה יעקב**, אשתו מניה, ובנותיהם חנה ופרומה רבקה. כלתם **מרים** (אשת טוביה) ובנה זאב.
**קזדן ראובן**, אשתו שרה לבית כרפס, בנם אברהם, ועוד ילדים.
**כרפס נח**, אשתו וילדיהם.
**קרבן יעקב**, אשתו שרה, ובנם אליהו.
**בורמן אברהם דוד**, אשתו חייה השה, בנותיהם בוניה, שרה לאה, **ודבורה**, בעלה וילדיהם.

רחוב השוק (מצד מערב)

**ספוביץ קריינה ביילה**, בנה **יחזקאל**, אשתו וילדיהם.
**טבשונסקי יוסף**, אשתו לאה (פייווע צאלעל'ס) ואחותה מיכלה.
**טייקן יעקב**, אשתו דובצה וילדתם.
האחים **פוזריסקי אלתר**, שלמה, מרדכי, וראובן.
**טובמן חייה רייזל** ובתה פייגה.
**טובמן יצחק**, אשתו צילה ובנם שאול.

**פקמונסקי חסיה**, בתה אלתה, בנה ירחמיאל.
**פקמונסקי חיים** ואשתו.
**מרק משה**, אשתו מלכה, בניהם מרדכי (נפל כחייל במלחמה), וצבי.
**גולדמן חיים**, אשתו, בתם פייגל, בנם בריל.
**ברקמן יוסף**, אשתו שרה לבית גולדמן וילדיהם.
**בקר בתיה** (די אלמנה), בתה זלאטה.
**זוביסקי יוסף**, אשתו בתיה, בנם יצחק.
**זוביסקי רייזל** לבית סטרלצקי (אשת חיים), וילדיהם ישראל ורחל לאה.
**ציגלניצקי משה**, אשתו צפורה לבית זוביסקי, בניהם אליהו וחיים.
**חריזטל שרה.**
**חריזטל רחל** לבית שמואלביץ (אשת יוסף) ובנם משה.
**סגלוב מרדכי**, אשתו מלכה, בתם רחל, בניהם קדיש וצבי.
**גולדמן זוסל**, אשתו ראשל לבית דן וששה ילדים.
**קורקודינסקי מנחם**, אשתו בתיה, בתם **רחל**, בעלה ושני ילדים.
**קורקודינסקי אליהו**, אשתו, בן ובת.
**גרש חיים** (נהרג הראשון בעיירה), אשתו לאה לבית אייזנברג וילדתם מריאשה ועוד ילד וילדה.
**גרש קריינה**, אחותה, פרקה, אחותם **גרוניה**, בעלה וילדיה.
**כהן חיים**, חתנו **צבי מלצמן**, אשתו רחל לבית כהן, בתם שרה הנה.
**ברנשטיין לאה**, בנה אברהם.
**פקמונסקי ריבצה** (קאפלס).
**ברקוביץ זלמן**, אשתו יהודית, בניהם משה, אברהם, בנותיהם רחל ולאה.
**יצחק זלדה'ס** ואחותו שרה.
**פולצק צבי**, אשתו נכיל.
**קרביץ חיים**, אשתו אידה לבית פולצק ובנם ראובן.
**אריה אסתר** לבית פולצק ובנה השיל.
**קופלמן מרקל**, אשתו מינה לבית פולצק, בנותיהם בילה רבקה, רחל, בניהם אלישע והשיל.
**קגנוביץ אלתר**, אשתו בתיה לבית פולצק.
**פולצק זאב**, אשתו שרה ביילה, **מריאשה** לבית פולצק ובעלה.
**בורמן אליהו**, אשתו חייה שאשל ובתם ליבה.
**בנסקי בצלאל**, ואשתו שרה לבית בורמן וילדיהם.
**בקר יוסף**, אשתו ראשל, בניהם נחום, ירחמיאל, בתם **שימקע**, בעלה וילדיהם.
**גולדברג אסר**, אשתו, בניו: **חיים**, אשתו וילדיהם, **זאב** (נהרג אחרי השחרור), ואשתו חוה, ושמחה (מת אחרי השחרור בפולין).
**גולדברג זאב** (בן צבי), אשתו וילדיו.
**טפר שרה לאה**, בנה אריה (נהרג בפרטיזנים) ובתה גליה.
**קוטלר גדליהו** (נהרג ביער), אשתו מניה לבית טפר וילדיהם.
**קוטלר חיים** (מת ברעב עם השחרור) אשתו וילדיהם.
**פייגל** (שאיע לייב'ס) ובנה בערעלע, ואחותה ביילה.
**חיים הירש** (שאיע לייב'ס) ובנו.
**ברג יוסף**, אשתו וילדיהם.
**ברג פריל**, בנותיה הניה, וליפקע.
**ברג אברהם לייב**, אשתו הניה, בנותיהם רבקה, וחייה.

**שטרף חנן**, אשתו שטיסל בנו אליהו מאיר ושתי אחיות.
**שטרף** (אשת אליעזר) וילדיה.
קרפוביץ **משה**, אשתו מלכה וילדיהם.
קלמנוביץ **צבי**, אשתו איטה לבית קרפוביץ, בתם רבקה ועוד ילדים.

רחוב ורשבסקי (הגשר)

**איינהורן דניאל**, אשתו וילדם מרדכי ועוד ילד.
וידלנסקי **חיים יוסף**, אשתו וילדיו.
בנק **מרי**, בתה **פרדל אינגרמן**, ובעלה **יעקב**, ובנותיהם יהודית, חנה ומאשה, בנם יוסף.
הרב **לוין יוסף** (חתן הרב), חתנו **אזירנסקי משה**, אשתו חסיה לבית לוין וילדתם מרים.
לוין **השיל**, אשתו ינטיל, בנותיהם שרה ומאשה, בנם משה.
לוין **ראובן**, אשתו, ובנו משה.
לוין **יעקב אלעזר**, אשתו בליומה, בנם השיל, בתם **חייה שרה** ובעלה.
לוין **דוד** ואשתו.
קליינשטיין **גולדה**, בנה מרדכי, בנה **חנן**, אשתו וילדו.
קרפוביץ **אהרן לייב**, אשתו רייזל, ובניהם בנימין, הנך ויעקב.
גגול **יאכע**, בניה: יוסף, **דוב** ואשתו חייה רייזל, וילדיהם ישראל ומאיר ועוד ילד. **זאב**, אשתו גולדה, בתם חנה ובנם ישראל, נכדיה אברמוביץ אהרן, וחנה (ילדי יוסף אברמוביץ).
קופלמן **גדליה**, אשתו שפרה, בתם רייזל, בנם לייב.
פיקלני **יצחק**, אשתו חנה, בנם יוסף (נהרג בצבא הפולני), בנותיהם אסתר, אלקה ושרה.
פיקלני **נתן**, אשתו אלקה וילדתם, ואחיו אברהם אליעזר.
קלינוביץ **פסח**, אשתו לאה, ובנם אליעזר.
הרב **לייזרובסקי יצחק**, אשתו נחמה, בניהם: שלם ופייוועל, בנותיהם: מרי, ופייגל.
הר׳ **איידלמן שמואל**, שו״ב, בניו: שלום, יעקב, לייב, שמריהו, פייוול, בתו ינטל.
מלצמן **אלתר**, בתו אסתר, בנו השיל.
מלצמן **גד**, אשתו חייה לבית פולק, בנם דוד ועוד ילד.
פולק **משה פנחס**, אשתו דוברושיל, בניהם: מיכאל, שמואל, חיים. בנותיהם: מרי, טייבה, גנסיה, רבקה, דבורה.
קדש **אהרן**, בתו **ביילה שפירא**, בנה יוסף, בתה שיינה.
הרב **הורודצקי יעקב**, בן הרב מהנובקה.
כץ **אליעזר משה**, בתו ומשפחתה, בנו אלימלך, וכץ שצירקה.
בקר **יעקב**, אשתו בתיה, בנם מיכאל.
לאפ **מאיר**, אשתו אסתר לבית בקר, בנם אליעזר.
טלז **לאה**.

מאחורי הגשר

שמעונוביץ **מנוחה**, בנותיה יוכבד, זלדה, שיינה.
צינצינסקי **ליובה** לבית שמעונוביץ עם בעלה ובנה שרגא.
אונקלוס **נח**, אשתו שרה לבית קוט, בתם טייבה.
סטרצנסקי **לייב**, אשתו מלכה, בנותיהם ינטה, חנה ויוכבד, בנם אברהם.
לוין **אליעזר**, אשתו רחל, בנם גד, בנותיהם דבורה, הניה רבקה.

**לוין אברהם**, אשתו אסנה לבית קרפוביץ וילדיהם.
**פולק חסיה**, בניה: **בן־ציון**, אשתו וארבעה ילדים, בנה **מרדכי**, אשתו הודל וילדם.
**טייקן קיילה** לבית פולק (אשת אברהם), ובתם שרה לאה.
**קרופסקי יעקב**, אשתו אלטה לבית פולק וילדיהם ינטה ויעקב ועוד חמישה ילדים.
**קגנוביץ יחיאל**, אשתו חייה הינדל.
**פופקא בריל**, אשתו טייבל.
**שמרקוביץ יוסף לייב**, אשתו גליה, בתם פייגל, חתנם **דב קצרגינסקי** (אשת בתיה), (נהרג בהפצצת הרכבת מקובנה).
**קרבלניק ראובן**, אשתו מרים וילדיהם.
**פולין צילה** (אשת חיים), ובתם פייגל.
**ארליך**
**לוין ישעיה** (מהנדס).

## יזכור לבני דקשניה (סעלא) ולייפון

(נספו בשואה בשנת תש״ב ביחד עם תושבי אולקניק)

**פטלוק בערל**, אשתו דבורה ובתם.
**דעווינישקי אברהם**, אשתו אלקה, בנם ברוך יעקב, בנותיהם גולדה ומרים.
**מילר אבא יוסף**, אשתו פייגה.
**ארונוביץ פייבה**, אשתו דינה, בנם פישל, בנותיהם: טייבל, ריקלה ופיקה.
**ארונוביץ יעקב**, אשתו וילדתם, ואמם אסתר.
**משצניק הינדה**, בנה חנן.
**ברווזמן איידל**, בתה גיטל.
**זיסלינג יעקב**, חתנה, ושלשה ילדים.
**פוטשקרניק חיים אלימלך**, אשתו נחמה.
**פוטשקרניק ראובן**, בנותיה: דובה, ביילה, ובן אחד.
**פוטשקרניק זכריה**, אשתו ביילה וילדם.
**פוטשקרניק שמואל יצחק**, אשתו ושלשת ילדיו.
**פוטשקרניק לייב**, אשתו רבקה ושלשה ילדים.
**פוטשקרניק דבורה**, בנה השיל ושלש בנות.
**ווייץ מרדכי**, אשתו שאשל, בניהם: יעקב, הרשל ועוד תאומים.
**ישפה זכריהו** (גרייסער), אשתו מינה, חתנו **ישור ישעיהו**, אשתו הינדה לבית ישפה, ובת קטנה. בנו **ישפה יוסף** אשתו אלקה לבית טטרסקי וילדם.
**ישפה זכריהו**, אשתו חייה ביילה, בתם רבקה, בנם **יוסף**, אשתו ושני ילדים, בתם **מנוחה** ובעלה מנדיל וארבעה ילדים.
**ישפה ירחמיאל**, אשתו דובה ובנם יוסף, ובתם דבורה.
**ישפה איסר**, אשתו ושלשה ילדים.
**כרפס שמואל**, אשתו דינה, בתם רחל, בניהם בערל והירשל, ועוד בן.
**כרפס יונה**, אשתו רחל, ושני בנים.

ספיר יואל, אשתו דובה, ושני בנים.
כץ יוסף קלמן, חתנו בורשטיין אברהם, אשתו רודה גושל לבית כץ, ושתי בנות.
כץ חנה איסר, אשתו בריינה אסתר, בנו חייקל ועוד שני בנים.
יונה מרודזישוק, אשתו חנה לבית כץ, ילד אחד ואביו שמשון.
צפנת יוסלה, אשתו ליבה, בתם חינה, בניהם גוטקה, דוד אברהם קלמן.
צפנת שרה, בעלה ושני ילדים.
צפנת שיינה, בת ר' קלמן השו"ב, בעלה (לא חזר מהמלחמה), ושני ילדים.
המבורג משה, בתו אלקה, בניו: הלל, שלמה, איסר, יעקב ועוד שלשה ילדים.
ארונוביץ משה, אשתו הינדה ואחותה סימה.
ליפשיץ חייה (אשת לייב), עם תינוקת.
ליפשיץ יעקב.
ליפשיץ שרה (אשת דוב), בתם רבקה רחל.
פטלוק אברהם, אשתו מריאשה, בניהם: יחזקאל, הנך ויצחק.
פטלוק מרי, בעלה וילד אחד.
פטלוק לאה, ובעלה אליקים ושני ילדים.
דושה ובנה אליעזר.
צפנת ראובן, אשתו פרידה, ושני בנים.
צפנת יצחק דוב ואשתו, בניהם אריה, בתיה חנן.
צפנת אפרים, אשתו חייה גיטל לבית פוטשקרניק, עם ילד וילדה.
צפנת חנן, אשתו פייגה מרים, ושלשה ילדים קטנים.
צפנת אשר ואשתו.
צפנת יעקב ואשתו.
צפנת שמחה, אשתו ובנו.
פוזריסקי יעקב, אשתו חייה לבית פוטשקרניק, ושני ילדים.
פוטשקרניק יהודית, בתה רבקה, בניה בריל, נפתלי, יוסף, יעקב.
לוין לייב, אשתו דובה, ושלשה ילדים קטנים.
שיינקר עוזר, אשתו הניה.
גרש ראובן, בתו אסתר ובעלה (לא שב מהמלחמה), ושני בניה.
לוין אברהם, אשתו חנה, ושני ילדים.
אייזנברג דובה, בנה זכריהו, אשתו וילדיו.
אסנר יהודה, אשתו גישה לבית אייזנברג, בנם בערל, ועוד ילד קטן.
ארנוביץ אלטה, בנה חנן, בתה מיכלה, ועוד שני ילדים.
קלצקו אלטה, בנה אליהו, אשתו רשל, ושני ילדים.
קלצקו לייזר, אשתו בוניה. בתם סימה ובעלה שמעון וילדם הקטן.
סלוצקי סאניע, אשתו אלטה לבית קלצקו, ושני ילדים.
סלוצקי שלום אבא.
פוטשקרניק משה לייב, אשתו נעכע, בנם שמואל.
משצניק שמעון, אשתו שיינה, בנם משה.
קוביצקי יעקב ואשתו.
ווינר זאב, אשתו וילדיו.
קליינר שמואל, אשתו ושתי בנותיו.
מגידובסקי זלמן, אשתו, בנו דוד, ועוד בנים ובנות.

## צום שלוס פון בוך

ריכטיג זיינן די ווערטער פון אונדזערע קדמונים, אַז „רייד וואָס פליסן ארויס פון הארצן, דרינגען אריין אין האַרצן".

איך בין זיכער, אַז אויך דו, מיין געערטער לעזער, האָסט געוויטאקט אונדזער וויטאַק, און דיין האַרץ האָט פאַרקלעמט אויף אונזער טייער שטעטעלע מיט אירע קדושים, וועלכע זיינען אומגעקומען אין גרויזאמען אומגליק.

און איצט, אויב דו ביסט אונזער אַ שטעטלשער, אדער דו שטאַמסט פון דאָרטן, בעטן מיר דיר זאָלסט זיין אַזוי גוט, אריינקוקן אין בוך אלקעניק אמווייניגסטן צוויי מאָל אַ יאָר, אין די אנדיינקונגס טעג נאָך אונזערע קדושים, אין די טעג ד׳־ה׳ תשרי און עשרה בטבת, אין יאָרטאָג פון אומקום און דערמאנונג פון אייראפייאישן אידנטום.

און אויב דו וועסט א אנדיינקונג ליכטל צינדן נאָך די נשמות פון דיין משפחה און פריינט, און וועסט אַ טרער לאָזן פאַלן, זאָלסטו וויסן אַז דיין טרער גיט צו נאָך אַ טראָפן צו דעם ים טרערן פון דיין ווייטאָקדיקן פאָלק.

און אַ פליכט פאַלט אויף דיר, זאָלסט דערציילן דיינע קינדער און קינדס־קינדער, זיי זאָלן פאַרזאָגן ביזן לעצטן דור, דאָס וואָס ס׳האָט געמאכט מיט דיר און מיט דיין פאלק דער עמלק פון אונזער עפּאָכע — די פאַרשאָלטענע נאַציס.

און די מיטגלידער פון דיין פאַמיליע, וועלכע עס האָט אָפּגעגליקט צו קומען אין זייער פאָטערלאַנד ישראל, און די אלע יידן, וועלכע זיינען צושפּרייט אויף דער וועלט, זאָלן זיצן רואיק אָן מורא און אָן שרעק, און זאָלן זוכה זיין צו אַ פולקומע אוסלייזונג פון יידישן פאָלק אין ארץ ישראל.

ש. פ—ר

# תיקוני טעויות

| עמוד | טור | שורה | במקום | צ״ל |
|---|---|---|---|---|
| 17 | א | 7 | על ידי | על יד |
| 22 | צלום | | שורה 2 קיצוני | חסר — שמואל כץ |
| 64 | א | 12 | 1914 | 1941 |
| 84 | ב | 24 | | להוסיף — חבל על דאבדין |
| 90 | ב | 5 | הכוללים | ב„כוללים" |
| 95 | א | 25 | | להוסיף — וספר „זכרון חכמים" |
| 112 | א | 37 | השקה | הרשקה |
| 115 | ב | 23 | ננס | גנס |
| 122 | ב | 33 | העירה | היערה |
| 123 | א | 23 | איצל | ווייצל |
| 131 | א | 12 | תלואות | תלאות |
| 131 | ב | 4 | לפשיזם | הפשיזם |
| 141 | א | 17 | מרכושם | על רכושם |
| 153 | ב | 3 | יצחק | אברהם |
| 153 | ב | 26 | בבית | בחצר |
| 158 | א | 30 | מינק | מינסק |
| 159 | א | 18 | ידי | יד |
| 161 | א | 5 | יודין | יהודה |
| 165 | ב | 12 | שעבר | שעבד |
| 165 | ב | 36 | בגורלן | בגורלו |
| 168 | ב | 16 | וולך | וולק |
| 168 | ב | 27 | שאקלסקי | שבלסקי |
| 168 | ב | 33 | זלצר | זלדין |
| 175 | ב | 18 | | להוסיף — עבור החייל קינג בעד... |
| 177 | ב | 36 | פקצר | פנצר |
| 185 | ב | 5 | כל | כל־כך |
| 187 | ב | 35 | פינקה | פימקה |
| 196 | א | 4 | קופנר | קופנס |
| 197 | ב | 5 | מהמשפט | מהמות |
| 198 | א | 80 | שקלרסקי | שבלסקי |
| 199 | א | 20 | האנשים | הנשים |
| 201 | א | 36 | הדים | הידם |
| 202 | א | 21 | בקברו | בקרבו |
| 205 | ב | 27 | אלקטריק | אלקטריט |
| 206 | א | 26 | לזיון | לוין |
| 206 | ב | 3 | (ברוסיה) | (בארץ) |
| 206 | ב | 4 | (ברוסיה) | (בארץ) |
| 230 | | 4 | פארנצויז | פראנצויזן |
| 237 | א | 3 | 21 יוני | 22 יוני |
| 242 | א | 9 | ישכר'קע | זכר'קע |
| 242 | ב | 29 | פאלוצקי | זאלוצקי |
| 259 | ב | 15 | סווינדיאנער | סווינציאנער |
| 260 | ב | 33 | אין | און |
| 261 | ב | 10 | נאכעס | נארעס |
| 262 | א | 6 | יידישן | יידישן ווייטאָג |

# IN CONCLUSION

(Translated from Hebrew)

True are the words of our old Scholars who said, that "Words which flow straight from the heart, flow back to the heart".

I am sure that also you, dear Reader, have felt the pain, and your heart has also grieved for our dear old town Olkeniki, and for our sanctified families that perished in the holocaust.

And now if you are our fellow-citizen or you come from this town, we ask you kindly to peruse this Memorial Book twice a year. On the day of Commemoration and Mourning (Izkor) for Olkeniki, the 4th and 5th of Tishri, and also the day when the Memory of the Holocaust of all the European Jews is remembered throughout the world.

And when you light candles on the mourning days for the names and in Memory of your family and friends (Jahrzeit), and when you shed a tear for those who tragically perished in those horrible days, then you shall know that your tears will mingle with the tears of your suffering nation.

As a sacred task be it considered that you relate to your children and grandchildren, all the calamities that befell your nation by the most monstrous mass-murderers of our time, the Nazis. And to all the members of your family who have been lucky to escape to Israel, and to all the Jews in the Diaspora, may it be granted that they shall live peacefully, and nobody shall ever persecute them again. And may they live to see a full and blessed redemption of the Jewish people in Israel, and in the whole World.

*Sh. F*

# A SHORT HISTORY OF OLKENIKI

Olkeniki was one of the oldest towns in Lithuania. In the 16th century, royal palaces were built there, and the Polish Kings Zigmund the old, and Zigmund August paid frequent visits there. The palaces were built on a hill, at the shore of the river "Merechanka" is flowing.

Lateron, other buildings have been built nearby, by the forest administration. Near these buildings gentiles and Jews used to dig out from the ground stones and tiles from old foundations of the palaces.

Years later Olkeniki became a Royal Property which extended over tens of square kilometers. To this property belonged the town Olkeniki itself, and scores of other villages around it. The whole Possession was worked by peasants, who were serfs.

About 400 years ago Jews began to settle there. It seems that the Jews have come to the district of Olkeniki from two directions, mainly : from the South of Russia — the Kiev region and from western Europe. They settled in the villages on the Shores of the River Niemen and its tributary the "Merechanka". From the villages the Jews wandered into the town, because the Russian government at that time was persecuting the Jewish inhabitants in the villages.

In the year 1697 a conference (Sesia) was held in Olkeniki of the Jewish-Lithuanian State Committee (Vaad Hamedina), in which delegates from all Poland participated. This conference lasted 2 months.

In 1700 a battle took place between the Polish Lithuanian nobility, which is remembered in Polish History, as the "Battle of Olkeniki".

In 1765 there were in Olkeniki 355 tax payers to the Government. From 1795 on after Poland was divided, Olkeniki belonged to Czarist Russia.

In the years of 1798—1802 the world famous wood carved Synagogue was built on the ruins of the old one.

In 1812 Napoleon visited the Synagogue, (possibly some of his high officers), and he left there the well known "Napoleonic Parochet".

In the 19th century Jews migrated from the villages into the town under pressure of the Government.

In the years 1848—1850 three villages were founded by Jewish peasants. (Dekshnia-Selo, 2½ kilometer ; Leiponi, 8 kilometer and Panashishok 18 kilometer distance from Olkeniki).

In the course of years the town grew steadily, and numbered finally about 1153 Jewish souls.

In 1860, 8 kilometer westward of the town, was built the Warsaw—Petersburg Railway line.

In 1863, during the Polish Rebellion, Olkeniki Jews fought at the side of the Polish insurgents. In the last quarter of the 19th century emigration started to America, and since then the Jewish population diminished.

In 1904—5 a Jewish self-defense unit was in action in Olkeniki. At that time was established the Jewish city public theatre. In the year 1908 a Jewish Library was founded in Olkeniki. From 1912 on the town had Hebrew and religious schools, and lots of young people went to the great towns to study.

In 1920 the first pioneers left for Israel. The situation of the Jews in the following 20 years, under the Polish administration, deteriorated steadily.

In 1940 the Government linked the town with the main highway of the region.

In 23.6.1941, the Germans entered and conquered Olkeniki.

In 20.9.1941, on Sunday, on the eve of the Jewish New-Year the local peasants under the orders of the Nazis drove out all Jewish inhabitants from Olkeniki and the neighbouring Jewish villages. They were driven out by foot for 21 kilometers to Eishishok.

On the 25—26.9.41 the Nazis murdered all the Jewish peoples from Olkeniki, Selo and Leipuni together with the Eishishok's Jews and threw them all into one common mass-grave.

*Shlomo Farber*

## EDITOR'S FOREWORD

Ten years have already passed since that day when I prepared this book for publication, but only now it is published.

The greater part of this book was written under the urge of mental restlesness to honour the memory of those martyrs, who suffered and died during the disastrous period of the holocaust.

I wish very much to perpetuate our small townlet Olkeniki in this Memorial Book, so that future generations shall get acquainted of their ancestors at their old homes.

I regret very much that I had no possibility to describe in this book many venerable and saintly peoples, because nobody of their families have survived.

I accept gratefully the privilege to edit this book, I express my thanks to the Association of Olkeniki and its neighbourhood, in Israel, as well as to Olkeniki's fellow-citizens in America, who contributed their share wholeheartedly, and sincerely believed that this book should be published.

I also wish to express my thanks to the poet and writer Mr. Chaim Grade, in America, who lived for sometime in our town Olkeniki whilst studying in the Yeshivah. Later he has perpetuated its memory in verse and prose. I thank him for allowing me to reprint here some fragments of his poem on Olkeniki.

I furthermore wish to thank the esteemed writer Mr. G. Einbinder, for permitting me to reprint the greater part of his description about the survival of the Lifshitz family from "Selo" (Dekshnie), who were saved and rescued.

We also acknowledge our gratitude to all those, who contributed in word and script to this book. Thanks are also due to those who have sent us photographs of their families and friends.

And finally we gladly express our thanks to the esteemed Mr. R. Chasman, and to the Printing Press "Heassor", who have so generously contributed to the beautiful design of this book.

*Haifa,* 10.6.1960

THE DAYS OF JAHRZEIT IN MEMORIAM OF THE FALLEN AND MARTYRED JEWS OF OLKENIKI, ARE:
ON THE FOURTH AND FIFTH DAY IN THE MONTH OF TISHRI.

# OLKENIKI IN FLAMES

A MEMORIAL BOOK

Edited by *SHLOMO FARBER*

*Haifa, Israel*

This Book consists of two parts. The first part is in Hebrew, the second part in Jiddish, with a short Summary in English.

LIST OF CONTENTS